מ. שאַץ-אַנין



# קריזיס פון דער בורזשואַזער קולטור

מ. שאַך-אַנין.

# קריזיס
## פֿון דער
# בורזשואַזער קולטור.

ריגע 1932.

בײַם עס פֿאַלט אײַן אַ קולטור־ביניען, זעט מען נישט קײן צוזאַמענגעפֿאַלענע זױענט, קײן שטאַרצנדיקע באַלקנס און קױמענס, קײן צעבראָכענע גלידער און צעשמעטערטע שאַרבנס. נאָר מיליאָנען מענטשן פֿאַרלירן זײער גלײַכגעװיכט, זײער גלױבן אין זיך, זײער רו און װאַרפֿן זיך צום אַזאַרט־שפּיל, צום באָקס, צו קאָלערלײ נאַרקאָטיק און עראָטיק ביז צום ראַפֿינירטסטן לוסט־מאָרד.

די כורװעס פֿון דעם גײַסטיקן ביניען שטיקן די נעשאָמעס פֿון מיליאָנען און טרײַבן זײ אין װילדן אומרו פֿון אײן עקסטרעם צום צװײטן אין אַלע ספֿערן פֿון מענטשלעכן פֿילן, דענקען און װעלן. דאָס איז דער פּסיכאָלאָגישער קריזיס, װאָס די בירגערלעכע װעלט לעבט איצט איבער.

A. Perelmann. Riga, Avotu ielā № 21. Tel. 23806.

# I. די קולטור פון בורזשואַזן אופשטייג.

אין דער קלאסנגעזעלשאפט איז יעדע קולטור — א פראָ־דוקט פון א באַשטימטן קלאַס און אַ קלייזאען פון דער קלאסנ־הערשאַפט.

יעדע קולטור טיילט דעם גורל פון דעם קלאַס, וואָס האָט זי באַשאַפן: מיט אים שטייגט זי און מיט אים פאַלט זי.

ביים עס קומט פאָר דער היסטאָרישער אָפּבייט אין דער געזעלשאַפט, איז אומפאַרמיידלעך אויך דער קולטור־קריזיס.

דער קריזיס פון דער בורזשואזער קולטור באַדייט דעם אָפּגאנג פון איין קולטור־שאַפנדיקן געזעלשאַפטלעכן קויאַך — פון דער בורזשואזיע — און דעם אופשטייג פון זיין קולטור־היסטאָרישן יוירעש — דעם פראָלעטאַריאַט. אונדזער צייט איז די טקופע פון אָט דעם אָפּבייט. דער געראַנגל פון אָט די צוויי קויכעס איז די סיבע פון דעם קולטור־קריזיס.

די בורזשואַזיע האָט אין דער טקופע פון איר רעוואָליוציאָ־נערן אופשטייג באַשאַפן אַ נייע קולטור, מיט וועלכער די שעפע־רישע עלעמענטן פון פראָלעטאַריאַט קומט אויס זיך צוזאַמענצו־שטויסן אין קאַמף און—דורך איר פאַרניינונג—שאַפן אַן אייגענע קולטור אַף א העכערן היסטאָרישן באַזיס.

יעדע קולטור שטעלט מיט זיך פאָר אַן איינהייטלעכן מאַ־טעריעל־גייסטיקן ביניען, אין וועלכן עס איז נישט מעגלעך אָפּ־

צוטיילן דעם גייסטיקן איבערבוי פון דעם סאָציאַל-מאַטעריעלן פונ-דאַמענט. דאָס מוז מען שטענדיק האָבן אין זינען, ביים מען אַנאַליזירט די גייסטיקע קולטור, אָפּגעזונדערט פון דער מאַטערי-עלער, ווייל ביידע בילדן זיי אָרגאַנישע באַשטאַנד-טיילן פון איין אינטעגראַלער מאַטעריעל-גייסטיקער קולטור.

די קולטור פון יעדער געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּסיכאָ-אידעאָלאָגישע איינהייט. די עמאָציאָנעלע, אינטעלעקטו-עלע און וואָלונטאַריסטישע מאָמענטן זיינען דאָ ענג צוזאַמענגע-פלאָכטן. און נאָר צוליב אַנאַליטישער באַטראַכטונג מוזן באַזונדער אויסגעטיילט ווערן די הויפּטספערן פון קולטור: קונסט, וויסנשאַפט, פּאָליטיק. זיי אַלע אָרגאַניזירן די פּסיכאָ-אידעאָלאָגיע — געפיל, געדאַנק, ווילן — אין דער ריכטונג, וואָס ווערט דיקטירט דורך די אינטערעסן פונעם הערשנדיקן קלאַס. דערביי איז די סאָציאַלע פונקציע פון דער קונסט — דעריקער אָרגאַניזירן די געפילן און שטימונגען פון די מאַסן; די ראָליע פון דער וויסנשאַפט — אָר-גאַניזירן די וועלט פון מענטשלעכע פאַרשטעלונגען, געדאַנקען און אידייען; די אויפגאַבע פון דער פּאָליטיק — אָרגאַניזירן די ווילן-אימפּולסן פון די פאָלקמאַסן, באַשטימען זייער ציל-איינשטעלונג און די נאָרמען, וואָס רעגולירן די באַוועגונג צו אָט דעם ציל.

———

## 1. קונסט.

די יונגע בורזשואַזיע איז ארויס אין קאַמף קעגן דער אָפּ-געלעבטער פעאָדאַלער וועלט, באַוואָפנט מיט אַ פעסטן גלויבן אין זיך, אין אירע איינענע קויכעס, אין איר פעיקייט צו באַשאַפן אַ נייע וועלט — די וועלט פון קאַפּיטאַליסטישן אייגנטום, פון גרויסשטעטישער אינדוסטריעלער קולטור. די פרייע אנטוויקלונג פון דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם האָט געפאָדערט קודעםקאָל באַזייטיקן אַלע פעאָדאַלע מעניעס. דעם קאַמף קעגן אָט די מיטלאַלטערלעכע רעשטן האָט די יונגע בורזשואַזיע געפירט אונ-טערן לאָזונג: „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט“.

אין צענטער פון אָט דעם שטאַרקן בירגערלעכן לעבנס־געפיל שטייט דער היפּערטראָפירטער „איך“, דער בירגערלעכער אינדיווידואַליזם. דער יאָכיד, דער „העלד“ פירט אָן מיטן „פינצ־טערן האַמוין“, ער איז דער אייגנטלעכער „באַשאַפער פון דער געשיכטע“. אָט דער וועלט־באַנעם איז א פויעל־יויצע פון דער פרייער קאָנקורענץ אין דעם געיעג נאָך רעווער אַרום דעם הייליקן אייגנטום.

די גאַנצע ע מ אָ צ י אָ נ ע ל ע וועלט פון דעם בירגער איז קאָנצענטרירט ארום דעם „איינציקן און זיין אייגנטום“: „איך“, אַלס צענטער פון דער וועלט; „זי“ — די צווייטע העלפט פון „איך“ און די מישפּאָכע, אַלס לעצטער האָריזאָנט פון דער בירגערלעך־עמאָציאָנעלער ספערע. דער אין זיך אליין פאַרליבטער יאָכיד פאַרשטעלט אינגאַנצן דעם קלאַל. באַשאַפן א נייע וועלט — דאַכט זיך אים — איז פונקט אַזוי פּאָשעט, ווי צעשטערן די אַלטע, פּעאָדאַלע. די יונגע בורזשואַזיע איז ראַציאָנאַליסטיש, זי איז קעגן מעטאַפיזיק און איבערגלויבן. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע דערקלערט די פ א ר נ ו נ פ ט, אַלס העכסטן קויעך, אַלס גאָט־הייט. דאָס געפיל, די פּסיכיק, דער אונטערבאַוווּסטזיין מוזן באַ־הערשט ווערן דורך דער פאַרנונפט, דורך דעם באַוווּסטזיין.

דאָס אַלץ האָט באַשטימט דעם ר ע אַ ל י ס ט י ש ן גרונט־כאַראַקטער פון דער יונג־בירגערלעכער קונסט. די זיגרייכע בור־זשואַזיע איז צופרידן מיט זיך, מיט איר דערגרייכטער הערשאַפט, מיט איר רייכקייט, מיט איר „פולן“ לעבן־שטייגער—קורץ, מיט איר אין קאַמף דערוואָרבענער ווירקלעכקייט.

## a) מאָלעריי.

דערפאַר איז אַזוי רעאַליסטיש די מ אָ ל ע ר ײ פון דער יונגער בורזשואַזיע: זי דריקט אַזוי בולעט אויס איר פאַרליבטקייט אין דעם אָביעקטיוון „באַזיצטום“. די אַליינצופרידנקייט מיט זיך פירט צום אופבלי פון דער פּאָרטרעט־מאָלעריי: דער קעניג, דער גענעראַל, דער בירגערמייסטער, דער פּראָפעסאָר, דער מעיוכעס, דער אינטעלעקטועלער. אַפן יעסאָד פון דער לעבנזאַטקייט און

דעם סטאַבילן לעבנשטייגער פון דעם זיגער=קלאַס אַנטוויקלט זיך ברייט די זשאַנר=מאָלעריי און דער „נאַטיור־מאָרט“ — די רעאַליסטישע אָביעקטיווירונג פון די גאַשמיעסדיקע לעבנסגענוסן.

דעם שטאָלץ פון אירע ניצחונעס דריקט די בורזשואַזיע אויס אין דער היסטאָרישער מאָלעריי.

אָט די אָרגאַנישע צוגעבונדנקייט צו דער רעאַליטעט, אַף וועלכער די יונגע בורזשואַזיע שטייט אַזוי פעסט מיט ביידע פיס, באַקומט איר פולסטן אויסדרוק אין דער שטרעבונג צו פעסטע קאָנטורן, צו דער שאַרף אָפּגרענעצנדיקער ל י נ י ע. די מאָלעריי שטרעבט צו זיין רעאַליסטישער, ווי די רעאַליטעט גופע. די ליניע פון דער ק ל יי ן=מ אָ ל ע ר יי זוכט אַריבערצושטייגן מיט אירע שאַרפע קאָנטורן די אָביעקטיווע רעאַלקייט פונעם אָריגינאַל די פאַרב איז דאָ מער אַ הילף=מיטל פון דער ליניע — דעם העכסטן אָרגאַניזיר=פרינציפ פון אָט דער מאָלעריי. אויך ליכט, שאָטן און פערספעקטיוו ווערן געשטעלט אין דינסט פון דער שטרענגער קאָנטור=צייכענונג, פון דער אליין=הערשנדיקער ליניע.

קיין באַדייטנדיקע זעלבסטשטענדיקע קונסט־שול האָט די בורזשואַזיע אַפן געביט פון מאָלעריי נישט באַשאַפן. די מייסטערס פון דעם בורזשואַזן רעאַליזם אין דער מאָלעריי זיינען: אין פראַנקרייך: פראַגאָנאַר דע=לאַ=קרוא, קאָראָ; אין דייטשלאַנד: פייערבאַך, בעקלין, קאַולבאַך, לענבאַך, מענצעל; אין האָלאַנד: איזראעלס; אין ענגלאַנד — טעכנער.

———

## b) מוזיק.

אַ סאַך אַ בוילעטערן אויסדרוק האָט באַקומען דער היסטאָרישער אופשטייג פון דעם בירגערטום אין דער מוזיק.

אַף דעם געביט האָט די יונגע בורזשואַזיע באַשאַפן באַדייטנדיקע אָריגינעלע ווערטן.

אויב אין דער מאָלעריי איז דער קלייזאַען פון דעם רעאַליזם געווען די שטרענגע ליניע, האָט אין דער מוזיק דיזעלביקע ראָליע געשפילט די מ ע ל אָ ד י ע — די טאָנאַלע ליניע, דער

פעסטער קלאַנגען־קאָנטור. די מעלאָדיע שטעלט מיט זיך פאָר די גייסטיקע טאָן־צייכענונג, א געשלאָסענע פסיכאָ־אידעאָלאָגישע איינהייט.

באַכס פוגן שטעלן מיט זיך פאָר די קווינט־עסענץ פון צווינגענדיקער מוזיקאַלישער לאָגיק. דאָס איז קימאַט מאַטעמאַטיק אין טענער. דער אינטעלעקטואַליסטישער שטריך מאַכט די פוגן אזוי נאָנט און פאַרשטענדלעך אויך פאַר אונדזער צייט.

די מענועטן־לייכטקייט און טאַנצנדיקע זאָרגלאָזיקייט פון מאָצאַרטס קאָמפּאָזיציעס זיינען אַפן בוילעטסטן אויפן צוגעפאַסט צו דער גייסטיקער אַליין־צופרידנקייט פון דעם זיגער־קלאַס. די עמאָציאָנעלע אָפּגעטאָקטקייט און געלויטערטקייט פון מאָצאַרטס שאַפן זיינען דער יעסאָד פון זיין דויערנדיקער עסטעטישער ווירקונג.

דעם קולמינאַציע־פונקט פון דעם ביז־איצטיקן מוזיקאַלישן שאַפן שטעלן מיט זיך פאָר די סאָנאַטן און סימפאָניעס פון בעטכאָווען. אין זיי זיינען אַפן גליקלעכסטן אויפן פאַראייניקט די אינטעלעקטועלע, עמאָציאָנעלע און וואָלונטאַריסטישע מאָמענטן. זיי קאָנצענטרירן אין זיך דעם מענטשלעכן שאַפנס־דראַנג, פּאַטאָס, נאַטור־פרייד, קולטור־באַגייסטערונג און מוזיקאַליש־פאַרענדיקטער פאָרם. דער פרייהייט־ און רעוואָלוציע־דראַנג, די שטאַרקסטע ליידנשאַפטן, „פאוסט“־בענקעניש, פראָמעטעוס־דורשט, דער ענטוזיאַזם פאַר העראָישע מייסים, נאַטור־באַגייסטערונג — אַלץ האָט געפונען דעם ווירקזאַמסטן אויסדרוק אין בעטכאָווענס מוזיקאַלישן שאַפן (די „אַפּאַסיאָנאַטאַ“, „פּאַסטאָראַלע“, „העראָיקאַ“ און די „9־טע“). דאָס מעלאָדישע, דאָס האַרמאָנישע, דאָס ריטמישע — אַלץ גיסט זיך דאָ צונויף אין א מאָנאָליטער טאָנאַלער קאָמפּאָזיציע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין בעטכאָווענס מייסטערווערק — דער 9־טער סימפאָניע — דעם אפּאָגיי פון דעם בירגערלעכן מוזיקאַלישן שאַפן, האָט זיך שוין אָנגעמערקט דער קומענדיקער קריזיס פון דער בירגערלעכער מוזיק. אין זיין שטרעבן

צו דער העכסטער שטייגערונג פון מוזיקאַלישער ווירקונג זוכט בעטהאָווען אויסצודריקן דעם אפּאָפּעאָז, אַריבערגייענדיק פון אינס־טרומענטאַלער מוזיק צו וואָקאַלער. דער שלוס־כאָר פון דער 9־טער סימפאָניע — פאַר זיך גענומען, א מייסטער־ווערק — איז גיבער א מוזיקאַלישע יערידע, ווי אַן אויפשטייג.

——

אין דער אָפּערע האָט דער מוזיקאַלישער רעאַליזם באַ־קומען זיין אויסדרוק אין דער מעלאָדישער און לייטמאָטיווישער שאַפונג (ווערדי, ביזע, וואַגנער).

———

## C) ליטעראַטור.

אין דער ליטעראַטור הערשט דערזעלביקער רעאַליזם אין סיוזשעט און פאָרם. דעם האַריזאָנט פון דער יונג־בירגערלעכער ליטעראַטור בילדעט דער קאָנקרעטער אינטערעסן־קרייז פון ביר־גערטום: דער „איך“־קאָמפּלעקס; די דערגאַנצונג פון דעם „איך“— ליבע; דאָס „אויס־איך“ — טויט. דער דיכטער באַנוצט זיך מיטן מעטאָד פון רעאַליסטישער קאָנטור־צייכענונג: שאַרפע ליניעס, שטרענגע אַרכיטעקטאָניק, רעטאַלירטער געמעל פון דער סוויווע— דער נאַטירלעכער, סאָציאַלער און אינדיווידועלער. פּאַראַלעל מיט דער פאַקטישער רעטאַל־צייכענונג גייט די פּסיכאָלאָגישע קליינ־גריבלעריי. אבער אין טאָך איז אָט די גענוי רעאַליסטיש־געשיל־דערטע סוויווע נאָר א פיעדעסטאַל פאַרן יאָכיד — דעם איינגנט־לעכן העלד פון דעם בירגערלעכן וועלט־באַנעם.

זיין פולסטן אויסדרוק האָט דער ליטעראַרישער רעאַליזם באַקומען אינעם ראָמאַן מיט זיינע שטרענגע קאָנטורן, פעסטער אַרכיטעקטאָניק און קאָנקרעטער קליין־מאָלעריי.

די פונקציע פון דער ל י נ י ע אין דער מאָלעריי, פון דער מ ע ל אָ ד י ע אין דער מוזיק פילט אויס אין דער פּ אָ ע ז י ע די מעטרישע צוגעמאָסטנקייט פון דעם ר י פ מ י ר ט ן פערז. דער ריטם איז דאָ געשמידט אין פעסטער מאָס און זילבן־צוזאַמענ־קלאַנג.

דיקענס, געטע, שילער, וויקטאָר הוגאָ, פּושקין, טאָלסטאָי,— דאס זיינען די באַדייטנדיקסטע עטאַפּן פון דער בירגערלעכער ליטעראַרישער שאַפונג.

## d) טעאַטער.

דער ט ע אַ ט ע ר האָט אַרויסגעבראַכט און עסטעטיזירט אויף דער סצענע דעם גאַנצן לעבנשטייגער פון דער בורזשואַזיע. ווי דורך אַ שליסל־לאָך האָט ער געלאָזט אַריינקוקן דעם צושויער אין די בודואַרן און סאַלאָנען פון דעם פירנדיקן בירגערטום.

אויך דער סצענישער האָריזאָנט איז געווען באַגרענעצט מיטן דרייעק: ער—זי—ער אָדער זי—ער—זי. דער גורל פון דעם איינצל־העלד, זיינע פּסיכאָלאָגישע גריבלענישן — דאָס איז דער אָנהייב און דער סאָף פון דער בירגערלעכער דראַמע. פאַר דער מאַסע איז אויף דער בירגערלעכער סצענע קיין אָרט נישט געווען.

דער דין־ געשפּונענער פאָדעם פון דער איינצל־האַנדלונג שאַפט אַ שיטערע קאַנווע פון דער דראַמאַטישער אַנטוויקלונג. איינצל־האַנדלונג, מאָנאָלאָג דיאַלאָג, שטרענגע אַרכיטעקטאָניק אין 1—3—5 אַקטן; פאַרקניפּן די אינטריגע, זי פונאַנדערוויקלען און ביי איר העכסטן אויפשטייג איבעררייסן דעם אינטריגע־פאָדעם,— דאָס איז דער טראַפאַרעט פון דער בירגערלעכער דראַמאַטורגיע. און אָט דער איינהייטלעכער פאָדעם פון דער האַנדלונג שלענגלט זיך שטענדיק אין איין פּלאַץ, אין איין עטאַזש, אויף דער פאָדלאָגע פון דער סצענע.

פּונקט ווי דער סיוזשעט, איז אויך די טעכניק פון דעם בירגערלעכן טעאַטער עלעמענטאַר, פלאַך, איינפלאַכיק. די אומבאַוועגלעכע בילדער, די צוויי־דימענזיאָנעלע דעקאָראַציעס שוואַכן אָפּ די ריטמען פון דער דראַמאַטישער האַנדלונג. דאָ הערשט, קווידעמקאָל, די פּאָזע, די מאַסקע. און דער אינטענסיווסטער אויסדרוק פאַר דער האַנדלונג איז דאָ דער זשעסט. אין זיין טאָך איז דער בירגערלעכער טעאַטער פאַרגליווערט און ווירקט סטאַטיש.

די דראַמאַטורגיע פון בירגערטום איז אַ סצענישע רעפּע־

מיציע פון דער וועלט-געשיכטע דורך דער פריומע פון דעם בירגערלעכן וועלט-באנעם.

איר בוילעטסטער פארשטייער איז *איבסען*.

## 2. וויסנשאפט.

דעם עסטעטישן רעאַליזם אַנטשפּרעכט אין דער יונג-בירגערלעכער *אידייען-וועלט* דער ראַציאָנאַליסטישער *פּאָזיטיוויזם*.

אין איר שטרעבן צו רעאָרגאַניזירן די אַלטע פעאָדאַלע געזעלשאַפט-אָרדענונג אַף נייע קאַפּיטאַליסטיש-טעכנישע יעסוידעס האָט די בורזשואַזיע זיך געשטעלט די אופגאַבע, קוידעמקאָל, צו לייגן אַ פעסטן וויסנשאַפטלעכן פונדאַמענט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, און דאָס האָט געקאָנט געבן נאָר די פּאָזיטיווע וויסנשאַפט, אין דער ערשטער ריי, די עקזאַקטע גענויע נאַטור-וויסנשאַפטן. די בורזשואַזיע האָט געשטרעבט אַרייַנצודרינגען אין די געזעצמעסיקייטן פון די נאַטור-דערשיינונגען פון דער אַרומיקער וועלט. דער 18-טער און 19-טער יאָרהונדערטן זייַנען דעריבער נישט צופעליק די טקופע פון דעם פּאָזיטיוויסטישן אופבלי אַף אַלע געביטן פון וויסנשאַפט.

די יונגע בורזשואַזיע דאַרשנט גלויבן אין זיך, אין דער פאָרשנדיקער פאַרנונפט פון דעם יאָכיד. נישט אומזיסט האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע אויעקגעזעצט אפן פאַריאָסעמטן טראָן פון די געטער דעם מענטשלעכן סייכל, — עמעס, אַף דער קורצער רעגע פון איר ניצאָכן-שיקרעס.

אין איר וועלט-אופאַסונג האָט די בורזשואַזיע דורכגעמאַכט זייער אַ באַלערנדיקע עוואָלוציע. זי האָט אָנגעהויבן מיטן דרייסטן — עמעס, מעכאַניסטישן — *מאַטעריאַליזם*, מיט *אַטעיזם*, *ראַציאָנאַליזם* און *פּאָזיטיוויזם* (ספּינאָזאַ, האָלבאַך, מאָלעשאָט, פאָכט, ביכנער, וואָלטער, דאַלאַמבער—ביז קאַנט). שטעלנדיק העכער פון אַלץ די מענטשלעכע פאַרנונפט, האָט די יונגע בורזשואַזיע געפּרוווט אָנווענדן צו דער רעאַלער ווירקלעכקייט דעם קריטיש-ראַציאָנאַליסטישן אַנאַליז, — איז אָבער

באַלד געשטרויכלט געוואָרן אַף דעם וועג דורך דעם געטלעך־מאָראַליזירנדיקן אידעאַליזם (קאַנט). זי האָט באַגרינדעט און אַנטוויקלט די עוואָלוציע־אידיי און זי ברייט אָנגעווענדט אַף אַלע געביטן פון מענטשלעכן געדאַנק: אין דער אַנאָרגאַנישער וועלט — קאַנט־לאַפּלאַס־סיסטעם; אין דער אָרגאַנישער — דאַרווין; אין דער סאָציאַלער ספערע — ספּענסער. כאַראַקטעריסטיש איז דער־בײַ, וואָס דער בורזשואַזער געדאַנק האָט אויסגעהאַלטן אָנגעווענדט דעם עוואָלוציע־פּרינציפּ אין ניט־אָרגאַנישער און אָרגאַנישער וועלט און איז געשטרויכלט געוואָרן, ווי נאָר ער האָט געפּרוּווט „אַנווענדן", ריכטיקער, פאַלסיפיצירן דעמזעלביקן פּרינציפּ אין דער סאָציאַלער ספערע: דעם אָרט פון דער דיאַלעקטישער עוואָלוציע אין דער נאַטור פאַרנעמט בײַ ספּענסערן דער אויטאָמאַטיש־מעכאַ־ניסטישער פּראָגרעס, וואָס וויל נישט וויסן פון קלאַסן־קאַמף, אַלס טרײַבנדיקן קויעך. די בורזשואַזיע שפּירט פון אָנהויב אָן, אַז אָט דער קויעך איז געווענדט קעגן איר, און פאַרזוכט אים צו פאַר־שוויַגן. אַפן אָרט פון דעם קאָלעקטיוו, פון דעם קלאַס ווערט אין דער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דער זיך־אַנטוויקלענדיקער וועלט דער סוווערענער יאָכיד — „דער אײנציקער און זיין אייגנטום" (שטירנער).

דער אינדיווידואַליסטישער עוואָלוציע־געדאַנק האָט זיך אַף דעם וועג פאַרבלאָנדזשעט אַזש ביז צו דער „בלאָנדער בעסטיע" — צום „איבערמענטש" (ניצשע).

דעם קולמינאַציע־פּונקט פון איר אידעישן שאַפן האָט די בורזשואַזיע דערגרייכט אין ה ע ג ע ל ס ד י אַ ל ע ק ט י ק, דער קווינט־עסענץ פון דער שעפערישער קאָסמיש־פילאָזאָפישער פאַר־אַלגעמיינערונג: און ווי אינעם העכסטן אופשטייג איז אַנטהאַלטן די אומפאַרמײַדלעכקייט פונעם אַראָפּפאַל, — אַזוי אַנטהאַלט שוין אין זיך אָט די פילאָזאָפישע אַליע פון דער בורזשואַזיע דעם גרונט־סימען פון איר גייסטיקער יערידע: העגעלס דיאַלעקטיק איז דורך און דורך אידעאַליסטיש. זיך דערהייבנדיק אַף דער העכס־טער שטופע פון דער דיאַלעקטיק, איז די בורזשואַזיע גלייכצייטיק אַרײַנגעפאַלן אין טהאָם פון אידעאַליזם.

דאָס אייגענע אַפן געביט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. זיך דערהייבנדיק אַף אַ באַדייטנדיקער הויך אַפן געביט פון די נאַטור=וויסנשאַפטן, האָט זיך די בורזשואַזיע אַליין דערשראָקן פאַר די ווייטע פּערספּעקטיוון, וואָס האָבן זיך פון אָט דער הויך געעפנט פאַר דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דעם סאָציאַלן לעבן, און, זיך אַליין באַרויקנדיק, האָט זי דערקלערט איר אייגענעם גייסטיקן באַנקראָט. Ignoramus — ignorabimus „דעם איקער ווייסן מיר נישט און וועלן נישט וויסן“.

די בורזשואַזיע קערט זיך אום צו גאָט — דעם איר=מיקלאָט פון דער אומוויסנהייט.

## 3. די „דעמאָקראַטישע“ דיקטאַטור פון קאַפּיטאַל.

די יונגע בורזשואַזיע ווייזט אַרויס אינאָנהייב אַ פעסטן גלויבן אין זיך, קלאָרע ציל=באַוווּסטזיניקייט און ציל=שטרעביקייט. זי, די אָרגאַניזאַטאָרן פון מענטשלעכער געזעלשאַפט, די טרעגערן פון „גייסט“, איז באַרופן צו הערשן איבער דעם „פינצטערן האַמוין“, איבער די אַרבעטנדיקע „מענטשן=באַיעס“ — איבערן „פּראָלעט“ (פּראָלעטאַריאַט). און מיט דעם זיכערן הערשער=אינסטינקט אַרבעט אויס די בורזשואַזיע אַ פאַרוויקלט סיסטעם פון צוואַנג=נאָרמעס, וואָס באַשטימען די לעבן=טעטיקייט פון די ברייטע פאָלק־מאַסן. דאָס איז אַ צווייעסדיק סיסטעם פון דעם, וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר נישט; וואָס איינער, דער בורזשוא, ט אָ ר, און דער אַנדערער — די פאָלק־מאַסן — ט אָ ר נ י ש ט. אַפן שילטל שטייט אָנגעשריבן „פּוריטאַנישע מאָראַל“. הינטער די קוליסן פּרובפערן זיך פריי פאַרדאָרבנקייט, ליגן און פאַראַט. ס'ווערט געשאַפן דער אידעאַל פון דעם „אָנשטענדיקן“ מענטשן, דעם דזשענטלמען.

ס'ווערט אויסגעפלאָכטן אַ קונציק נעץ פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבנשטייגער און עטיקעט. דאָס רעכט און די פּאָליטיק הילן איין פלאַנמעסיק די פאָלק=מאַסן אין דעם נעפל פון מעלוכע־פעטישיזם, דערציען סיסטעמאַטיש דעם פאָלקס=מענטש צו אַ טריי=אונטערטעניקן קנעכט פון די בירגערלעכע מאַכט־אָרגאַנען.

און נאָכדעם ווי דער פאָלקס=מענטש ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ווילנלאָז שרייפּעלע פון דעם קאַפּיטאַליסטישן הערשער=אַפּאַראַט, רעדט מען אים איין, אַז ער באַזיצט די העכסטע *גייסטיקע פרייהייט*.

און אַזוי ווערט אַף אַ טייוולאָנישן אויפן, אונטער דער דעמאָקראַטישער מאַסקע, סיסטעמאַטיש, אָבער אומבאַמערקט דורכגעפירט אַף אַלע געביטן די ברוטאַלסטע דיקטאַטור פונעם קאַפּיטאַל.

Vernunft wird Unsinn, Wohltat — Plage

די פאַרנונפט ווערט אומזין, און מייסים טויווים פאַרוואַנדלען זיך אין אַ פּלאָג.

## 4. קריטיק פון דעם בירגערלעכן רעאַליזם.

די גייסטיקע וועלט פון דער אופשטייגנדיקער בורזשואזיע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מער=ווייניקער אויסגעהאַלטענעם איינהייטלעכן ביניען. איר וועלט=באַנעם איז געווען רעאַליסטיש. איר אינטעלעקטועלע טעטיקייט — ראַציאָנאַליסטיש. איר ווילן — קלאָר און ציל=באַוווסט. אָבער אַ שווערע קרענק האָט פונאַנדערגעפרעסן און אונטערגעגראָבן דעם פונדאַמענט פון אָט דעם איינהייטלעכן ביניען: דער *אינדיווידואַליזם* מיט זיין אומפאַרמיידלעכן פויעל=יויצע — דעם אַנאַרכישן טויהו=וואָוויהו.

דער רעאַליזם פון דער בורזשואַזיע איז באַגרענעצט, ווי די וועלט פון זיינע דערפאַרונגען: ער איז באַשרענקט מיט דעם אָביעקטיוון, נעגנשטענדלעכן — אין ענגן זין פון וואָרט. דאָס סוביעקטיווע, דאָס מענטשלעכע און באַזונדערס דאָס סאָציאַלע איז ער קיינמאָל נישט פעיק געווען צו אָרגאַניזירן און צו באַהערשן, פאַרקערט, ער איז פון דעם סאָציאַלן שטענדיק באַהערשט געוואָרן. דאָס האָט באַשטימט די ענגע גרענעצן פונעם בירגערלכן רעאַליזם היין אין דער קונסט, היין אין דער וויסנשאַפט, היין אין דער געזעלשאַפטלעך=נאָרמאַטיווער ספערע. די וועלט=אופאַסונג פון דער בורזשואַזיע איז געווען דורך און דורך *דואַליסטיש*, געשפּאָלטן אַף צוויי סטירעסדיקע וועלטן: *מאַטעריע* — איין וועלט, וואָס דאַרף אָרגאַניזירט און באַ=

הערשט ווערן, און ג ײ ס ט — א צווייטע, הײפּעכדיקע, וואָס איז באַרופן די ערשטע צו אָרגאַניזירן און צו באַהערשן. פּונקט ווי די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט מיט איר קליינעם „גייסטיקן“ הערשער־קלאַס און מיט דער ברייטער פאָלק־מאַסע — דער „מאַטעריע“, וואָס איז פון דער בורזשואַזיע באַהערשט.

אין אָט דער וועלט פון בירגערלעכער „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט“ איז איין מענטש דעם צווייטן א וואָלף.

דער רעאַליזם פון אַזאַ קלאַס האָט אין עצעם געמוזט זיין א הינקעדיקער: פון איין זייט, — גראָב גאַשמיעסדיק, ענג־אָביעקטיוויסטיש, אומבאַהאָלפן נאָכמאַכנדיק דעם נאַטור־אָריגינאַל; פון דער אַנדערער זייט, — איבערטריבן רוכניעסדיק, שמאָל־סוביעקטיוויסטיש און מעטאַפיזיש שוועבנדיק אין „הימלשע“ ספערן.

די אַלע צאָלרייכע סטירעס האָבן אונטערגעגראָבן דעם ביניען פון דער בירגערלעכער קולטור אין אַלע זיינע טיילן. און אַז דער פונדאַמענט איז אינגאַנצן צעפּרעסן געוואָרן פון דעם וועלפישן עקזיסטענץ־קאַמף, איז דער גאַנצער גייסטיקער ביניען פון דער בורזשואַזיע צוזאַמענגעבראָכן. דער באַהאַלטענער קריזיס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אן אָפענעם צוזאַמענברוך.

# II. די קולטור פון דעם בירגערלעכן אָפּגאַנג.

## 1. די גייסטיקע יערידע פון דער בורזשואַזיע.

די סטירעס, וואָס זיינען פון אנהייב אָן געלעגן אין יעסאָד פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, זיינען אלץ שאַרפער געוואָרן מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם. און ביים ער איז אריבערגעשטיגן זיין קולמינאַציע־פונקט, האָבן אט די סטירעס געמוזט וואָס ווייטער אלץ מער איפּרייסן דעם גאַנצן קולטור־בינייען פונעם בירגערטום. די אינעווייניקסטע ווידערשפּרוכן זיינען פון אָנהייב אָן געוועזן אַזוי טיף, אַז זיי האָבן אומפעיק געמאַכט די בורזשואַזיע צו באשאַפן איר אייגענעם גרויסן ס ט י ל.

זיין בוילעטסטן עסטעטישן אויסדריק פלעגט דער סטיל היסטאָריש באַקומען אין דער מאַטעריעלסטער רוימקונסט — אין דער אַ ר כ י ט ע ק ט ו ר. דאָס שאַפן פון אן אייגענעם ארכיטעקטור־סטיל פאָדערט אַ לענגערן היסטאָרישן פּעריאָד פון אומגעשטערטער קלאסנהערשאַפט, וואָס זעצט זיך אָפּ מיט דער צייט אין אייגנאַרטיקע מאָנומענטאַלע געביידעס. דער אומגעשטערטער „אָרגאַנישער“ הערשאַפט־פּעריאָד פון דער בורזשואַזיע איז געוועזן צו קורץ פאַר אזאַ אופבליען פון אַן אייגנאַרטיקן סטיל. דעריבער האָט טאַקע די בורזשואַזיע קיין אריגינעלן ארכיטעקטור־סטיל נישט באשאַפן. זי האָט עקלעקטיש און אומבאַהאָלפן קאָמבינירט אַלע ביז־איצטיקע סטיל־פאָרמען. אַף וויפיל מען קאָן יאָ ריידן וועגן אַן

איינגענעם ארכיטעקטור־סטיל פון דער בורזשואזיע, — איז דאָס די סטיללאָזיקייט פון דער פאַבריק־קאַזאַרמע־טיפּיסע.

דאָסזעלביקע קאָן אין א געוויסער מאָס געזאָגט ווערן וועגן בירגערלעכן שאַפן אין די אנדערע צווייגן פון דער רוים־קונסט — ס ק ו ל פּ ט ו ר און מ אָ ל ע ר ײ.

אויך אף אלע אנדערע געביטן פון דער בירגערלעכער קונסט האָט זיך דער קריזיס בוילעט אנגעהויבן אַרויסצווייזן אין דעם מאָמענט, ביים דער אנטאַגאָניסט און דער קאַברען פון דער בורזשואזיע — דער פּראָלעטאַריאַט — איז ארויסגעטרעטן אף דער היסטאָרישער אַרענע, ווי א זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער קויעך מיט א באַזונדערער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע און צילבאַוווסטער קלאַסן־פּאָליטיק. די בורזשואזיע האָט געמוזט אויפנעמען דעם „ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ן מ אַ נ י פ ע ס ט“, ווי אַן אָנזאָג פון איר סאָף. א נאָגנדיקער אומרו האָט זיך ארײנגעריסן אין איר אלײנצופרידנ־קײט און האָט ביסלעכווייז צעטרייסלט די גרונטזײַלן פון דעם בירגערלעכן וועלט־באַנעם. טראָגנען האָבן זיך אָנגעהויבן שאָקלען. סאָציאַל־עקאָנאָמישע „אייביקייטן“ האָבן זיך ארויסגעוויזן פאַר טאָג־פלינג, און „הייליקע עמעסן“ און „אבסאָלוטע“ ווערטן, אלס פּײגן־בלעטער, אלס א צווייעסדיקער אָרנאַמענט פאַר דעם אומפּאַר־שעמטסטן רעוואַך־געיעג. אין דעם פאַרשאַרפטן קאָנקורענץ־קאַמף האָט מען אלע מיטלען געהאַלטן פאַר דערלאָזבאַר. דעם גרענעץ האָט געשאַפן נאָר דער שטראָף־קאָדעקס. און אויך ד ע ר גרענעץ האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר מוירעדיק עלאַסטיש.

דער בירגערלעכער אינדיווידואַליזם איז דעגענערירט געוואָרן און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א קראַנקהאַפטן עגאָצענטריזם אף אלע געביטן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און עסטעטישן שאַפן.

דער נישט־גלויבן אין זיך, אין איר היסטאָרישער „מיסיע“ האָט זיך אָנגעהויבן אלץ בוילעטער צו שפּירן אין דעם גייסטיקן שאַפן פון דער בורזשואזיע.

ביים אונטער א קלאַס הייבט זיך אָן צו שאָקלען דער באָדן, ווערן אלע זיינע סאָציאַל־פּאָליטישע און גייסטיק־קולטורעלע

מריט וואַקלדיק. די שטרענגע אויסגעהאַלטענע ליניע הייבט אָן אומעטום צו ווערן מעטושטעש, צעשווומען, דורכגעבראָכן פון סטירעם־זיגזאַגן, וואס ווערן ארויסגערופן דורך פאַכדאָנעס־קאָמפּראָמיסן און דורך פאַרצווייפלונג־שפּרונגען.

דער נישט־גלויבן אין זיך ווערט נאָך מער פאַרשטאַרקט דורך דער אַלץ וואַקסנדיקער פאַרביטערונג פון די ברייטע פאָלקמאַסן קעגן דעם בירגערלעכן רעזשים פון קלוימערשטע „גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט“, ווייל פאַר אַלץ ברייטערע פאָלקמאַסן האָט ער זיך ארויסגעוויזן, ווי א רעזשים פון פאַרמאַסקירטער קנעכטשאַפט אפן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן און קולטורעלן געביט.

און גלויבט אַ קלאַס נישט מער אין זיך, — הייבט ער אָן צו צווייפלען אין אַלץ און אַלעמען: דער סקעפּטיציזם ווערט איינער פון די גרונטזיילן פון דעם בירגערלעכן וועלטבאַנעם.

און וואָס ווייניקער די בורזשואַזיע גלויבט אין אירע אייגענע קייכעס, אַלץ מער מאַכט זי פאַרן „האמוין“ דעם אָנשטעל, אַז זי גלויבט אין דעם העכערן „געטלעכן“ קויעך, וואס איז באַרופן אירע קלאַסנהייליקייטן אָפּצוהיטן.

רעליגיע, מעטאַפיזיק, עטיק און עטיקעט פאַרנעפּלען און פאַרמיסטיקן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן. מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן די צייט, ביים מען האָט אוועקגעזעצט די פאַרנונפט אפן וואַקאַנטן טראָן פון די געטער.

דער צעטרייסלטער און צעטומלטער אונטערבאַוווסטזיין פון דער בורזשואַזיע באַהערשט די גאַנצע אינטעלעקטועלע און וואָלונטאַריסטישע וועלט פונעם בירגערטום. אומעטום פרובירט זיך מיסטיק — שאָטן, האַלב־טונקל, כווישעך. ס'וואַקסט זיך פונאַנדער אַ סיסטעם פון פּרינציפּיעלער גייסטיקער פאַרנעפּלונג — מיסטיציזם. די מאַסן־פאַרנאַרונג און מאַסן־פאַרפירונג נעמען אָן די עקלהאַפטסטע פאָרמען פון מעטאָדישער מיסטיפיקאַציע.

דער גאַנצער עפנטלעכער און געזעלשאַפטלעכער לעבן

ווערט פון דער בורזשואזיע פלאנמעסיק ארומגענומען מיט א נעץ
פון ווייסער און שווארצער מאגיע: אייביקער עמעס, אבסאָליוטע
שיינקייט, אידעאליזם, מאָראל, רעליגיעזער און מעלוכישער פעטי=
שיזם — דאָס זיינען אלץ גלידער פון איין קאָלאָסאלן ספרוט —
פון דעם אלמעכטיקן „גאָט", וואס דארף ארומנעמען און פאראלי=
זירן דעם געדאנק, געפיל און ווילן פון די פארשקלאפטע
פאָלקמאסן.

———

## 2. קונסט.

ביים די כוט=האשעדרע פון דער הערשנדיקער בורזשואזיע—
איר לעבסנגעפיל — איז צעטרייסלט געוואָרן, האָט פארלאָרן איר
פעסטקייט, גראדליניקייט, — איז דער אינהאלט פון דער ביר=
גערלעכער ק ו נ ס ט ש א פ ו נ ג אויך צעשווומען געוואָרן. און גראָד,
ביים דער אינהאלט ווערט צערונען, הייבן זיך אָן די זוכענישן
און יאָגענישן נאָך נייע פאָרמען. די פאָרם ווערט דעמאָלסט א
זעלבסטצוועק, עס הייבט זיך אָן די צייט פונעם עסטעטישן
פ אָ ר מ א ל י ז ם.

אָף אָט דעם צעטרייסלטן עמאָציע=פונדאמענט איז באשאפן
געוואָרן די ביין=האשמאָשעס=קונסט פון דעם בירגערלעכן אָפגאנג.
טרויעריקע פאָרגעפילן האָבן פארווישט אלע קלאָרע ליניעס און
אָפגעשוואכט אלע ביילעטע קאָנטורן, אלע שארפע קאָלירן, אלע
פולע טענער. אומעטום האָט דער מינאָר צוגעמישט זיין פארסא=
מענדיקן שעפטשען, זיין נאָגנדיקן זיפץ.

די קונסט פונעם בירגערלעכן אָפגאנג סאָף 19=טן און אָנ=
הייב 20=טן יאָרהונדערט איז אין אלע אירע צאָלרייכע ריכטונגען
א באגלייט=דערשיינונג פון דעם גייסטיקן צוזאמענברוך. די נייע
קונסט=פאָרמען זיינען דער עסטעטישער אָפקלאנג פון גויסעסדיקן
לעבנסגעפיל.

אָף וויפיל אָבער אין אָט דער אָפגאנג=קונסט רייסן זיך

אַרײַן פרישע קראַפט־ליניעס און נײַע מוטיקע טענער, — קומען זײ — אין דער דיאַלעקטיק פונעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף — ניט פון דער אָפּטרעטנדיקער בורזשואַזיע, נאָר פון דעם אויפשטײַגנדיקן אַרבעטער־קלאַס, וואָס זאָגט אָן אויך אין דער קונסט זײַן קומענדיקע מעמשאָלע.

ס'איז די דיאַלעקטישע אָפּשפּיגלונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף אין דער עסטעטישער ספערע.

———

## a) מאָלערײַ.

אימפּרעסיאָניזם. דער פונאַנדערפאַל פון דער קלאַסיש־אַקאַדעמישער מאָלערײַ הייבט זיך אָן מיטן אימפּרעסיאָניזם אין דער 2־טער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. ער צעטרייסלט און „דעמאָקראַטיזירט“ די אַליין־הערשנדיקע ליניע אין דער מאָלערײַ. די פאַרב צעשמירט די שאַרפע קאָנטורן. בײַם דער סקעפּטיציזם האָט פונאַנדערגעפּרעסן דעם גלויבן אין דעם אומבאַרירלעכן באַזיצטום, — האָט דער מאָלער אויפגעלייזט די קאָנטורן פון די אומזיכער־געוואָרענע אָביעקטן אין א מעטושטעשער פאַרבן־כוואַליע. די פאַרב שטייסט אָפּ אַלץ ווייטער אַף דעם הינטערגרונט דעם סיוזשעט. אין אָט דער פאַרבנהערשאַפט קומט בולעטער צום אויסדרוק דאָס אינדיווידועלע פונעם קינסטלער.

דער אימפּרעסיאָניזם קאָן מיט רעכט באַצייכנט ווערן, אַלס סוביעקטיווער נאַטוראַליזם, ווײַל דער פּרינציפּ פון דער אימפּרעסיאָניסטישער מאָלערײַ איז: מאָלן די וועלט נישט ווי אַלע זעען זי, נאָר ווי איך, קינסטלער, זע זי. דערפון נעמט זיך דאָס שטרעבן פון דעם קינסטלער צו פאַרקירצן דעם דויער פון דער נאַטור־אויפאַסונג. ער קאָנצענטרירט זײַן אויג און פּינזל אַף דער מאָמענט־אויפנאַמע — אַף זײַן אימפּרעסיע. דערמיט רײַסט זיך אַרײַן אין דער מאָלערײַ דער דינאַמישער מאָמענט. ווײַל נאָר די גיכע אויפנאַמע איז קורץ. און די אינטענסיווע אויפנאַמע פון דער גיכער באַוועגונג איז דער טרײַבנדיקער קוואַל פון דער אימפּרעסיאָניסטישער דינאַמיק. אָט די דינאַמיק האָט אָבער אירע

ענגע גרענעצן — דעם סובּיעקטיוון בּליק און אינדיווידועלן איינדרוק פון דעם קינסטלער.

עס איז דער דיאַלעקטישער שפּיל פון דער געשיכטע, וואָס גראָד ערעוו דעם אונטערגאַנג פון דער אינדיווידואַליסטישער וועלט־תקופה האָט אין דער אימפּרעסיאָניסטישער קונסט צום לעצטן מאָל העל אויפגעפלאַקערט דער סובּיעקטיוויזם: „כאָפּ דעם מאָמענט!"

די גאַנצע אָבּיעקטיווע וועלט איז אַן אומזיכערע. זי איז אַ ניט זיך בּייטנדיקער שפּיל פון פאַרבּן־פלעקן, פון ליכט און שאָטן. אין אָט דעם כאַאָטישן פאַרבּן־שפּיל הערשט נאָר איין אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ — דעם קינסטלערס איינדרוק, די אימפּרעסיע מיט איר יעכידישן ניואַנס. נישט אין דער קאָנטור־צייכענונג און נישט אין דער פאַרבּ האַלט זיך נישט דער קינסטלער אָן דעם נאַטור־אָבּיעקט. עמעס, אויך אין דעם פּראַט רייסט דער אימפּרעסיאָניסט נישט איבּער אַלע פעדים, וואָס פאַרבּינדן אים מיט דעם קלאַסישן רעאַליזם. היין אין זיין פאָרם, היין אין דער קאָמפּאָזיציע און פאַרבּ־אָנווענדונג און בּאַזונדערש אין דעם סיוזשעט איז דער אימפּרעסיאָניזם נאָך אַ טאַלמיד פון דעם אָבּיעקטיוון נאַטוראַליזם. דאָס בּאַווייזן די שאַפונגען פון די בּאַדייטנדיקסטע פאַרטרעטער פון דעם מאָלערישן אימפּרעסיאָניזם, ווי עדוואַרד מ אַ נ ע, קלאָד מ אָ נ ע און מ. ל י בּ ע ר מ אַ ן.

דער אָבּיעקט, דער געגנשטאַנד פאַרלירט זיין סוווערעניטעט אין דער מאָלעריי. נישט ער, נאָר די בּאַוועגונג פון לופט, ליכט און פאַרבּ אַרום אים — פּ ל ע נ אַ ר י ז ם*1) — ווערט דער אינהאַלט פון דער אימפּרעסיאָניסטישער מאָלעריי.

די פריי־ליכט־ און פריי־לופט־מאָלעריי האָט געמוזט פירן צו דער אויפלייזונג פון אַלע פאָרמען און פאַרבּנפלאַכן אין לייכט צונויפגעוואָלקנטע קאָמפּלעקסן פון ריינע פאַרבּן־פונקטן — צום פּ ו אַ נ ט י ל י ז ם.*2)

---

*1) פּ ל ע נ אַ ר י ז ם — בּאַדייט אין פראַנצויזיש — די פולע לופט־און ליכט־ספּערע.

*2) פּ ו אַ נ ט י ל י ז ם — פון פראַנצויזישן — פּונקט.

צוזאמען מיט דער אופלייזונג פון דער שטרענגער פאָרעם, קומט צו פרייער הערשאַפט די פאַרב, אלס ווירקזאַמסטער קליי־זאָין איבערצוגעבן די אָפּטישע איינדרוקן, וואָס דער קינסטלער באַקומט פון דער נאַטור. אויב די פאַרב ווערט דאָס איקערדיקע אין דער מאָלעריי, מוז די באַדייטונג פונעם אָביעקט און אלע זיינע איבעריקע, אַכוץ אָפּטישע, איינגנשאַפטן צוריקטרעטן אפן לעצטן פלאַן. ניט דאָס העראָישע, ניט דאָס דראַמאַטישע און ניט דאָס גייסטיק־אינטעלעקטועלע, נאָר דער שפּיל פון לופט און ליכט אַרום דעם געגעבענעם געגנשטאַנד — דאָס איז דער אינהאַלט פון דער אימפּרעסיאָניסטישער מאָלעריי. דער אימפּרעסיאָניסט גיט איבער די וועלט אין פאַרבן־עקוויוואַלענטן.

דערפון נעמט זיך די נעטיע פון אימפּרעסיאָניסטישן קינסט־לער ביכלאַל צו פּאַשטעטע, אומבאַדייטנדיקע, לויט זיין אופפאַסונג, מאָטיוון — צו פּאָלקסטימלעכע און באַזונדערש צו אָרעמעלייט־מאָטיוון.

אין דעם דריקט זיך אויך אויס דער פּראָטעסט פון דעם גייסטיק־איבערזעטיקטן אימפּרעסיאָניסט קעגן דער בירגערלעכער פאַרגלייוערטקייט.

די אימפּרעסיאָניסטישע דעקאַדענץ — די היפּערטראָפיע פון אלע איינדרוקן, וואָס קומען פון דער אויסן־וועלט, — האָט צו־געגרייט דעם דיאַלעקטישן זיגזאַג פון אימפּרעסיאָניזם צום עקס־פּרעסיאָניזם — דער קונסט, וואָס שטרעבט אין ליניע, פאַרב, קלאַנג און וואָרט אויסצודריקן דאָס אינעווייניקסטע, די פּסיכאָ־אידעאָלאָגישע איבערלעבונגען פון מענטשן.

* * *

**עקספּרעסיאָניזם.** זיין טויט־קלאַפּ האָט דער בירגערלעכער ריאַליזם באַקומען פונעם ע ק ס פּ ר ע ס י אָ נ י ז ם.

די עקספּרעסיע — די אַקטיוויסטישע פאַרניינונג פון דער נאַטוראַליסטישער אינערציע — ווערט דער טרייבנדיקער קויעך אין דער מאָלעריי.

דער עקספּרעסיאָניזם איז דער הייפּעך פון דעם אָביעקטיוון

און סוביעקטיוון נאַטוראַליזם, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אָן די עמעסן און פּראָפּאָרציעס, אָן די קוואַליטעטן און קוואַנטיטעטן פון דער אַרומיקער נאַטור־וועלט. דער אינעווייניקסטער געפיל, דער גייסטיקער אויפברויז, וואָס זוכט זיין עסטעטישן אויסדרוק, באַשטימט ביים עקספּרעסיאָניזם ווי די קאָמפּאָזיציע פונעם גאַנצן בילד, אַזוי אויך די גלידערונג פון זיינע טיילן היין אין פאָרם, היין אין פאַרב.

דער סיוזשעט פון דעם עקספּרעסיאָניסטישן בילד איז קיינ־מאָל נישט דער אָביעקט, נאָר דער סוביעקט, די פּסיכאָ־אידעאָ־לאָגישע איינשטעלונג פון דעם קינסטלער לעגאַבע דער געגעבע־נער דערשיינונג.

די סאָציאַלע אַטמאָספער אין אָנהייב פון 20־טן יאָרהונ־דערט איז אָנגעפילט מיט וואַקסנדיקע קאָנפליקטן, מיט שטורעמ־דיקע קאַמף־אָנזאָגן. דער קינסטלער זאַפּט אין זיך איין, ווי א שוואָם, אָט דעם אינטענסיוון אומרו, דעם געזעלשאַפטלעכן אימפּעט.

די אַלטע פאָרמען זיינען אָבער נישט בעקוועך אַדעקוואַט אייסצודריקן אָט די טיפע אויפגערודערטקייט.

דעריבער ווענדט אָן דער עקספּרעסיאָניסט דעם ראַקורס, די פאַרקירצטע ליניע, דעם פאָרמעלן רעמעז.

דער עקספּרעסיאָניזם געפינט נישט פאַר זיך קיין פּאַרטיקע פאָרמען־שפּראַך. ער איז סומאַריש, אַלגעבראַיש. ער שטרעבט אַרויסצושיילן פון דער געגעבענער דערשיינונג דאָס איקערדיקע און עס פריי אויסצודריקן אין ליניע, פאַרב און קלאַנג.

דער קינסטלער האָט דאָ צו טאָן מיט גייסטיקע קויכעס, וואָס יעדער פון זיי ווערט כאַראַקטעריזירט דורך א באַשטימטן אינעווייניקסטן ריטם. נישט שטענדיק געפינט דער קינסטלער דעם ליניע־ און פאַרב־עקוויוואַלענט פאַר אָט די קויכעס. ער שטרעבט דעריבער זיי אויסצודריקן דורך אויסערלעך־ריטמישער סימוואָליק.

דערמיט דערקלערט זיך, לעמאָשל, די ברייטסטע אָנווענ־דונג פון ריטם ביי איינעם פון די באַדייטנדיקסטע פאָרקעמפער פונעם עקספּרעסיאָניזם — ביי האָדלער.

דער קוואַנטיטאַטיווער ריטם איז דאָ דער טרעגער פֿון באַשטימטע גייסטיקע קוואַליטעטן. קימאַט אין אַלע בילדער פֿון האָדלער ווערן באַדייטנדיקע גייסטיקע אינהאַלטן אויסגעדריקט דורך פּאַראַלעליזמען, סימעטריע און ריטמיש-לינעאַרע צוזאַמענקלאַנגען, קעגנקלאַנגען און אויסקלאַנגען.

דער קינסטלער וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דעם טויזנטיאָריקן יאָך פֿון קונסט־טראַפּאַרעטן און אָפּגעלעבטע עסטעטישע סימוואָלן.

די גאַנצע אָביעקטיווע וועלט מיט אירע געזעצמעסיקייטן און פּראָפּאָרציעס — דאָס אַלץ איז פֿאַרן עקספּרעסיאָניסט מער נישט אָבליגאַטאָריש. זיין אַקטיוויסטישער דראַנג מאַכט איבער, צעבערעקלט און שטעלט פֿונדאָסניי צונויף די גאַנצע נאַטור-וועלט אין העסקעם מיט דעם גייסטיקן אימפּעט, וואָס באַהערשט דעם קינסטלער אין דעם געגעבענעם מאָמענט.

אַ ווילדער האַס קעגן אַלץ, וואָס פֿאַרצאַמט דעם פֿרייען לויף פֿון זיינע שאַפֿנדיקע אימפּולסן, טרייבט דעם עקספּרעסיאָניסט צו דער באַזייטיקונג פֿון אַלע אָביעקטיווע פּענטעס.

אין אָט דעם שטרעבן אויסצודריקן זיין אינעווייניקסטע גייסטיקע וועלט באַזייטיקט אָפּט דער קינסטלער אינגאַנצן דאָס געגנשטענדלעכע, דעם סיוזשעט ביכלאַל. אַפֿילע די פֿאַרב איז דאָ באַרופֿן נישט אָפּצושפּיגלען די אָביעקטיווע ווירקלעכקייט, נאָר קוידעמקאָל צו דינען דער עסטעטישער קאַוואָנע פֿון דעם מאָלער.

אין דעם פֿאָרמען-כאַאָס, אין די צעקאַלעטשעטע ליניעס און קאָנטורן, אין די אויסגעקרימטע לייבער און צוזאַמענפֿאַלנדיקע הייזער, אין די שרייענדיקע פֿאַרבנדיסאָנאַנסן פֿון דער עקספּרעסיאָניסטישער מאָלעריי — האָבן מיר די בוילעטסטע, קימאַט בילדלעך-פֿאָטאָגראַפֿישע אָפּשפּיגלונג פֿון דעם אינעווייניקסטן גייסטיקן קריזיס, וואָס די בירגערלעכע וועלט לעבט איצט איבער. עס איז די מאָלעריי פֿון קאַטאַקליזם — פֿון צוזאַמענברוך, פֿון גייסטיקע שערבלעך, פֿון אומרו און וויי-געשריי, פֿון פּאַכעד און פֿאַרצווייפֿלונג, פֿון נאָנטן „וועלט-אונטערגאַנג".

אין דער אַטמאָספער פונעם בורזשואַזן אָפּגאַנג האָט די עקס־פּרעסיע אָפּט נאָך מער ווי די אימפּרעסיע פאַרשאַרפט דעם אינ־דיווידועלן העפקער־שטריך אין דער מאָלעריי. דער קינסטלער דריקט אויס זיין סוּווערענע פאַראַכטונג צו דער וועלט, צום אָבּ־יעקט, צום אוילעם. דער קינסטלער טראָגט זיך ארום מיט זיין גרימצאָרן קעגן דער טפּיסע־וועלט.

יעדע געזונטע קונסט מוז שטרעבן אויסצודריקן פּסיכאָ־אידעאָלאָגישע אינהאַלטן פון אַלגעמיינער באַדייטונג אין אַלגעמיין צוגענגלעכע פאָרמען. די גרונטפאָדערונג, וואָס די געזעלשאַפט שטעלט צו יעדן קינסטלער, איז, אַז די פאָרם, אין וועלכער ער דריקט אויס זיין עמאָציע, זיין געדאַנק, זאָל אַביעקטיוו זיין אימ־שטאַנד ארויסצורופן ביים צושויער ענלעכע אָדער אַנטשפּרעכנדיקע געפילן, געדאַנקען, שטימונגען.

דאָס קונסט־ווערק טאָר אין זיין קאַוואָנע און זיין פאָרם נישט זיין פאַרן אוילעם א מיסטישע רעטעניש. אַף וויפיל דער עקספּרעסיאָניסט גייט אויך ארויס פון אָט דער גרונט־האַנאָכע און וויל זיך נישט באַגענוגענען מיטן א ו י ס ד ר י ק ן זיינע נאַ־טור־א י י נ ד ר ו ק ן און מיטן קאָפּירן די נאַטור־וועלט, — אַף אַזוי פיל איז דער עקספּרעסיאָניזם בלי־ספק א באַדייטנדיקער טריט פאַרויס אַפן וועג פון עסטעטישן נאַטור־באַהערשן.

אָט די גרונט־פאָדערונג ווערט אָבער פון די עקספּרעסיאָ־ניסטן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן דערפילט. זייערע אימפּולסן זיינען צו אָפט באַגרענעצט יעכידיש, און דאָס אויסקלייבן פון דער פאָרם באַווייזט, אַז עס פעלט זיי די אָרגאַנישע פאַרוואָרצלונג אינעם מאַסן־לעבן.

זיי דערגרייכן אָפט די העכסטע מאַדרייגע פון דעם יע־כידישן העפקער.

דער עקספּרעסיאָניזם האָט נישט געקענט אַף א פאַרשטענד־לעכן און סאָציאַל־ווירקזאַמען אויפן אויסדריקן אין דער מאָלעריי זיינע פּראָטעסט־שטימונגען.



**פוטוריזם.** די צעזעצונג פון די פאָרמען און קאָנטורן, וואָס דער אימפּרעסיאָניזם האָט אָנגעהויבן, האָט דער פ ו ט ו ר י ז ם דערפירט

ביז צו א פולשטענדיקער צעברעקלונג און צעשפּליטערונג פון דעם געמאָלטן אָביעקט.

נאָכדעם ווי עס זיינען אָפּגעשטאָרבן די אַלע עסטעטישע נאָרמען, איז דער קינסטלער געשטאַנען פאַר בערג פון צוזאַמענ־געבראָכענע פאָרמען. אין זיין שטרעבן זיך פונאנדערצוקלייבן אין אָט די בערג שיימעס און שערבלעך, האָט דער מאלער זיך גע־ווענדט צום ריטם, ווי צו אן אָרדנענדיקן און אָרגאַניזירנדיקן פּרינ־ציפּ. באוועגונג און דינאמיק זיינען קווידעמקאָל ריטם. די ריטמי־שע קאָמבינאציע פון טייל־פאָרמען און טייל־איינדרוקן פון איין און דערזעלביקער דערשיינונג אין פאַרשיידענע מאָמענטן שאַפט דעם נייעם פוטוריסטישן קאמפּאזיציע־פּרינציפּ.

אַף דעם וועג פון אָט דער פוטוריסטישער דינאמיק האָבן געטריבן די קונסט די טעמפּן פון דער גרויס־אינדוסטריעלער וועלט־שטאָט.

דער פוטוריזם שטרעבט אויסצודריקן די דינאמיק נישט נאָר אַלס סוביעקטיווע אופרודערונג. ער זוכט פאַר איר אייך אביעק־טיווע אויסדרוק־פאָרמען.

די נייע שיינקייט פון דער שטורמיש־גיכער באוועגונג גע־פינט דעם אויסדרוק אין דער ריטמישער אָפּשפּיגלונג פון דעם געשילדערטן אביעקט אין פאַרשיידענע סיטואַציעס. דעם צייטלעבן נאכאנאנדער זוכט דער פוטוריזם אויסצודריקן אין א רוימלעכן לעבנאַנאַנדער. א גאַלאָפּירנדיק פערד האָט נישט 4, נאָר 20 פיס.

און ווידער א מאָל צעפאַלט דאָ די וועלט אין אימפּרע־סיאָניסטישע איינדרוק־שפּליטערס, וואָס ווערן צונויפגעקליבן דורך עקספּרעסיווער קאָמפּאָזיציע פון דעם בילד, אלס איינהייט. דער אימפּרעסיאָניסטישער אַנאַליז גייט האַנט ביי האַנט מיט דעם עקס־פּרעסיאָניסטישן סינטעז.

די מאשין, דער טרעגער פון דער אינטענסיווער דינאמיק, פון גיכקייט אין מאָדערנעם לעבן, רייסט זיך אַריין אין דער סיו־זשעטן־וועלט פון דער מאלעריי און באַרייכערט זי מיט נייע פאָר־מען און מעגלעכקייטן. דער עגאצענטרישער וועלט־באַנעס טרייבט

אָבער אויך דעם פוטוריזם אַף די יעכידישע סטעזשקעלעך פון איבערשפּיצטער אָריגינעלקייט. ער פאַרפירט אים ווייט פון דעם ברייטן שליאך פון דער סאָציאַל-צילבאַוווסטער מאַסנקונסט.

קאַנדינסקי און רוסאָלאָ שאַפן אַ קינסטלערישע העראָגליפן-שפראַך, וואָס נאָר עסטעטישע סנאָבן קאָנען מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי פאַרשטייען זי.

* * *

קוביזם. אַ פּרוּוו צונויפצוקלייבן די שערבלעך פון דער צעשמעטערטער רעאַלער בירגערלעכקייט און אינטעלעקטועל, דורך מאַטעמאַטישער קאָנסאָלידאַציע, גייער צו זיין איר פונאַנדערפאַל געפינען מיר אין דעם קוביזם.

דער קוביזם שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם דיאַלעקטישן זיגזאַג פונעם צעשוויומענעם פלענעריזם צוריק צו רוימלעכער באַשטימטקייט. לעהייפעך צום אימפּרעסיאָניזם, דערפירט דער קוביזם די פעסטע קאָנטורן ביז צום עסטעטישן עקסטרעם.

דער קוביזם איז די צילבאַוווסטע, אָבער גראַדליניק-איינזייטיקע אָנווענדונג פון דעם ריטמיש-דינאַמישן פּרינציפּ אין דער מאַלעריי.

פון דער באַטיש-פאָרמלאָזער ליכט- און לופט-ספערע שיילט דער קוביזם ארויס די פעסטע קאָנטורן פון דעם באַוווסטזיניק-באַגרענעצטן רוים.

די שטרענגע ליניע, דער שאַרפער קאָנטור קערט זיך אום צוריק אין דער מאַלעריי, אָבער אין אַ קינסטלעך-ראַציאָנאַליזירטער פאָרם.

זיין אויסגאַנגפּונקט איז דער פּואַנטיליזם. דער איינצעלנער פאַרבנפּונקט ווערט דורך דער דינאַמיק פאַרוואַנדלט אין אַ ליניע.

די ריטמישע באַוועגונג פון דער ליניע שאַפט די פּלאַנאָמעטרישע פיגורן (דרייעק, קוואַדראַט, קרייז). דורך דער ריטמישער באַוועגונג פון די פּלאַנאָמעטרישע פיגורן אנטשטייען סטערעאָמעטרישע קערפּער: פּיראַמידע, קאָנוס, קוב, קײַלעך און צילינדער.

צוּ אָט די געאָמעטרישע גרוּנט־עלעמענטן ווערט דאָ צוּריקגעפירט די גאַנצע אַרוּמיקע וועלט.

די פֿאַרב איז דאָ אַ הילפֿמיטל פֿוּן 2־ער מאדרייגע. דער פֿאַרבנפֿלעק מוּז זיך אַריינפּאסן אין די געאָמעטרישע פֿאָרמען. די פֿעסטע פֿאָרם מאַכט אויך די פֿאַרב קאָמפּאקטער, געדיכטער.

דער ערשטער, וואָס האָט דעם נייעם מעטאָד אין דער מאָלעריי בּרייט אָנגעווענדט, איז פּיקאסאָ.

דוּרך די געאָמעטרישע הויפּט־עלעמענטן שטרעבט דער קוּבּיסט אויסצוּדריקן דאָס, וואָס איז, נאָך זיין מיינוּנג, דאָס איקערדיקסטע ווי פֿוּן יעדן איינצלטייל פֿוּנעם געשילדערטן אָביעקט, אַזוי אויך פֿוּן דער קאָמפּאזיציע, אַלס גאַנצע.

אין אַן אַבּסטראַקט־געאָמעטרישן סינטעז ווערן דאָ צוּנויפֿגעקליבן די אַנאַליטיש־צעגלידערטע איינצל־עלעמענטן פֿוּן דעם געשילדערטן נאַטוּר־אָביעקט.

דער קוּבּיזם אַנטהאַלט אַלע סימאַנים פֿוּן אַ קאַנאָנישער קאַמף־ריכטוּנג אין אַן איבּערגאַנג־טקוּפֿע. ער טראָגט אַריין אין דער קוּנסט אַ נייעם — קאָנסטרוּקטיוויסטישן מאָמענט. דערמיט האָט ער אַ שטוּיס געטאָן די מאָלעריי אַף נייע וועגן, וואָס האָבּן פֿאַר אים געעפֿנט בּרייטע שאַפֿערישע האָריזאָנטן.

דער קוּבּיזם איז אַ רעאַקציע קעגן דעם יעכידישן טויהו־וואוויהו אין דער מאָלעריי. ער שטרעבט אָט דעם כאַאָס צוּ אָרגאַניזירן אין די אַלגעמיין־צוּגענגלעכסטע רוימסימוואָלן.

אָט דער אָרגאַניזאַציע־פּרוּוו ווערט אָבּער דוּרכגעפירט אין אַזאַ גראַדליניקער אינטעלעקטוּאַליסטישער פֿאָרם, אַז ער קען בּעשוּם אויפֿן נישט אַרוּמנעמען די פֿילזייטיקייט פֿוּן רעאַלן לעבּן.

די ראַציאָנאַליזירטע אַבּסטראַקציעס שטרעבּן, עמעס, גייווער צוּ זיין דעם היפּערטראָפֿירטן אינדיווידוּאַליזם. זיי בּרענגען אָבּער אַלס קאָרבּן די פֿילפֿאָרמיקייט אוּן פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿוּנעם קאָנקרעטן לעבּן.

שטרעבּנדיק צוּ בּאַקעמפֿן דעם אינדיווידוּאַליזם, פֿאַלט אַריין דער קוּבּיזם אין דעם בּלוּט־אָרעמען סכעמאַטיזם. אוּן אָט די אָרעמע געאָמעטרישע פֿאָרמען־שפּראַך טרייבּט דעם קינסטלער סאָפּ־

קאָלסאָף ווידער אַ מאָל אין די אָרעמס פון דעם אינדיווידואַליס־
טישן איינפאַל און עסטעטישן פארמאליזם.

אזוי באַוועגט זיך די בירגערלעכע קונסט אינעם פאַרקישעוועטן
קרייז פון אינדיווידואליזם צום — אינדיווידואַליזם און קאָן זיך פון
אים נישט אַרויסראַטעווען.

———

וואָס טיפער עס ווערט דער קריזיס פון דער בירגערלעכער
קולטור, אַלץ גרעסער ווערט די צאָל פון די ריכטונגען אין דער
מאָלעריי. זיי זיינען אַלע אין טאָך פּראָדוקטן פון דעם עסטעטישן
פונאַנדערפאַל, סימאָנים פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס.

זיי גיבן אין דעם אָדער יענעם פראט אַ רעמעז אַף אַן
אויסוועג פון דעם קריזיס. אָבער דעם נייעם עסטעטישן סינטעז,
וואָס זאָל אינגאַנצן אַרויספירן די קונסט פון דעם איצטיקן טעמפּן
ווינקל, האָט קיינע פון די אָנגעוויזענע ריכטונגען נישט געגעבן.

---

## ב) מוזיק.

**אימפּרעסיאָניזם.** די יונגע בורזשואַזיע האָט נישט געהאַט דעם פּלאַסטישן
קויעך און די מעגלעכקייט אויסצודריקן איר לעבנסגעפיל אין פאָר־
מען פון אַן אייגענעם מאָנומענטאַלן סטיל. דער ריטם פון איר
קלאַסנגעפיל און וועלטבאַנעם איז אָבער, ווי מיר האָבן געזען,
געווען גענוג שטאַרק צו באַשאַפן באַדייטנדיקע ווערטן אין דער
מוזיק.

אין דערזועלביקער מאָס, ווי דער לעבנסגעפיל פון דער
בורזשואַזיע האָט פאַרלאָרן זיין גאַנצקייט און פולבלוטיקייט, האָט
איר לעבנסריטם פאַרלאָרן זיין געשפּאַנטקייט און אויסגעהאַלטנקייט.
דאָס האָט געמוזט באַקומען דעם שטאַרקסטן אָפּקלאַנג אין דעם
מוזיקאַלישן שאַפן.

דער אָפּגעשוואַכטער, צייטנווייז צעטומלטער געבראָכענער
ריטם האָט אָנגעהויבן זיך אָפּצושפּיגלען אין די מוזיקאַלישע קאָמ־
פּאָזיציעס פון דער בורזשואַזיע. אין דער 2־טער העלפט פון 19־טן
יאָרהונדערט באַווייזט זיך אין דער מוזיק אַלץ עפטער די גע־
בראָכענע טאָנאַלע ליניע. די מעלאָדיע ווערט אַלץ מער פראַג־

מענטאַריש, אירע קאָנטורן מעטושטעש, איר קאַנווע—שיטערער. דאָס ניט=לאָגישע, דאָס איראַציאָנעלע צעפּרעסט די ריטמישע, מעלאָדישע און האַרמאָנישע איינהייט פון דער קאָמפּאָזיציע. אויף דעם יעסאָד איז אַנטשטאַנען דער מוזיקאַלישער אימפּרעסיאָניזם

שוין ביי שאָפּען, איינעם פון די לעצטע גדוילים פון דער קלאַסישער טקופע, הייבן אָן זיך צו שפּירן די סימאָנים פון דער עמאָציאָנעלער יערידע (צאַאַר, פאַרצווייפלונג, דעפּרעסיע). דער ריטם ווערט אַלץ עפטער איבערגעריסן, אומזיכערער. די מאָנאַלע ליניע ווערט אַלץ שטאַרקער רעטושירט. די מוזיק פאַרלאָזט אַלץ אָפטער די עפנטלעכע עסטראַדע, דעם שטראָם פון דעם מאַסנלעבן און פאַרקריכט זיך אין די סאַלאָנען, פאַרטיפט זיך אין די $1/2$= און $1/4$=ניואַנסן פון די יעכידישע שטימונגען, בלאָנדזשעט פאַרכאָלעמט אויף זייטנסטעזשקעלעך, ווייט פון ברייטן לעבנסוועג.

דער גלאַנץ=פּעריאָד פון דער סימפאָניע איז פאַרביי. עס הייבט זיך אָן די טקופע פון די פּרעליודן — דער פּרעליוד פון דער נייער טקופע.

אין שאָפּענס מוזיק געפינען מיר שוין די עמבריאָנאַלע קלאַנגען פון דער אימפּרעסיאָניסטיש-עקספּרעסיאָניסטישער צעזעצונג פון דעם מוזיקאַלישן רעאַליזם.

ווי אין דער מאָלערײַ, אַזוי האָט אויך אין דער מוזיק די פראַנצויזישע בורזשואַזיע די ערשטע אויפגעכאַפּט און אויסגעדריקט דעם בײַן=האַשמאַשעס אין דער קונסט. די בוילעטסטע טרעגער פון מוזיקאַלישן אימפּרעסיאָניזם זיינען: דעביוסי און ראַוועל אין פראַנקרייך און רעספּיגי אין איטאַליען.

דער מוזיקאַלישער אימפּרעסיאָניזם האָט אויפגעדעקט די עמאָציאָנעלע צערודערטקייט פון דער בורזשואַזיע. פּונקט ווי דער געזעלשאַפטלעכער לעבנשטראָם הייבט אָן צו מאַכן „קריטישע" אָפּנייגונגען און זייטנשפּרונגען, אַזוי באַווייזן זיך אויך אין דעם מוזיק=שטראָם ריטמישע „איבערשלאָגן" און אָפּנייגן.

די מאָנאָריטמישע גאַנצקייט פון מוזיקאַלישן רעאַליזם הייבט אָן ביסלעכווייז צו פאַרשווינדן, און עס מערקט זיך אָן דער גע=

וועט פון פאַרשײדענע ריטמען. אין דער מוזיק פאַרשטאַרקט זיך די פילפאַרביקע פּאָליריטמיק.

דער אימפּרעסיאָניזם רײסט אױף דעם מעלאָדישן רעאַליזם פון אױסוױיניק. ער װיל איבערגעבן זײנע אָפּטישע בילדער־ און פאַרבן־אײנדרוקן פון דער נאַטור אין אַדעקוואַטע טענער — ער װיל זײן טאָנאַלע מאַלערײ.

דעם עקוויוואַלענט פון פאַרב אין טאָן זוכט דער אימפּרעסיאָניסט אין דער פאַרבן־ און קלאַנגען־רײכער נאַטור, און װעלכער די קאָלאָריסטישע און טאָנאַלע ריטמען באַװעגן זיך אָפּט אין האַרמאָנישן צוזאַמענקלאַנג.

פּונקט װי די אימפּרעסיאָניסטישע מאָלערײ האָט מיט פײן־ניואַנסירטע פאַרבנפלעקן פאַרװישט די שטרענגע קאָנטור־ליניע, אַזױ האָט דער מוזיקאַלישער אימפּרעסיאָניזם געשטרעבט צו באַרײכערן די טאָן־סקאַלע מיט אַלץ פײנערע צװישן־טענער.

די ביז־איצטיקע 12־טאָניקע אָקטאַװע װערט פאַרמערט מיט צאָלרײכע צװישנטענער (ביז 20 און אַפילו 36 טײל־שטופן). דורך דער אָנװענדונג פון אַזױנע צװישנטענער װערט די מעלאָדיע צעשװומענער, אירע קאָנטורן — קאָנפוזער.

די מוזיק רײסט זיך אָפּ פון איר פּסיכאָ־אידעאָלאָגישן מאָקער און לאָזט זיך אָפּט אױף די װעגן פון פאַרצערטלטע, קאַפּריזע האַרמאָניזאַציעס און אימפּראָװיזאַציעס, אַפן װעג פון פאָרמעל־עסטעטישע קלאַנגען־שפּילערײען.

דער מוזיקאַלישער שאַפן האָט פאַרלאָרן זײן לאָגישע גראַדליניקײט, זײן עמאָציאָנעלע קאָנצענטרירטקײט, זײן אײנהײטלעכע טאָנאַליטעט. װאָס װײטער אַלץ מער פלעכטן זיך דורך לאָגישע און עמאָציאָנעל־הײפּעכדיקע מאָטיװן.

אין דער טקופה פון בירגערלעכן אױפשטײג זײנען די גרונט־פּרינציפּן פונעם מוזיקאַלישן װױלקלאַנג — דער קאָנסאָנאַנס און אסאָנאַנס, דאָס צוזאַמענקלינגען פון גלײכע און פאַרװאַנדטע טענער. זײ זײנען די גרונט־געזעצן פונעם מוזיקאַלישן רעאַליזם.

בײס אָבער די פאַרשאַרפטע קלאַסנהיפּוכים האָבן צע־

טרייסלט דעם רויק פליסנדיקן לעבנשטייגער־שטראָם, — געפינט שוין נישט דער אַלטער ווײלקלאַנג, די אָפּגערונדיקטע מעלאָדיע אַזאַ פולן אָפּקלאַנג אין דעם גייסט, וואָס איז פון אומרו געפּלאָגט. דער קאָמפּאָניסט שטרעבט די סאָציאַלע סטירעס אין „דיסהאַרמאָניעס" אויסצודריקן אין דיסאָנאַנסן, אין נייע פרעמדאַרטיקע, ביז איצט נישט־געברויכטע קלאַנגען־פאַרבינדונגען.

ווי אין דער מאָלערײַ, אַזוי איז דער אימפּרעסיאָניזם אויך אין דער מוזיק אַ טאָנאַלער ליכט־ און שאָטן־שפּיל. אויב דער קאָנסאָנאַנס איז דאָ דער אויסדרוק פון דעם ליכט־מאָמענט, איז דער דיסאָנאַנס — דער טרעגער פון שאָטן.

די טאָנאַליטעט בייט זיך צוזאַמען מיט די שטימונגען פון דעם קאָמפּאָזיטאָר. עס פאַרשווינדט פון דער מוזיק דער אײנהייטלעך־צוזאַמענפּאַסנדיקער ווילנס־אימפּולס — דער וואָלונטאַריסטישער סקעלעט. און דעריבער ווערט די אויסגעהאַלטענע טאָנאַלע אַרכיטעקטאָניק פאַרביטן דורך „קליין־סקולפּטור" מיט געבראָכענער פראַקטור, מיט קאַפּריזע קאָנטורן.

* * *

עקספּרעסיאָניזם. אַ נאָך טיפערע אויפטרייסלונג פונעם מעלאָדישן רעאַליזם האָט געבראַכט דער עקספּרעסיאָניזם.

די עקספּרעסיע מיט איר שטורעם און ראַש האָט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן דעם וואָלונטאַריסטישן מאָמענט. דער פּאַטאָס, די עקסטאַטיק האָט נאָך מער צעבראָקלט די טאָנאַלע קאָנטורן. די ברענענדיקע בענקשאַפט נאָך באַנייונג האָט אינגאַנצן פאַרטריבן פון דער מוזיק די רעאַליסטישע לאָגיק און דעם עמאָציאָנעלן גלייכגעוויכט.

דער עקספּרעסיאָניזם איז אַן אויסדרוק פון די פאַרשאַרפטע סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען. אָבער נישט שטענדיק באַנעמט דער קינסטלער די אינעווייניקסטע טרייבנדיקע קרעפטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף. דער גרויסער צווישן דעם קינסטלערס אומקלאָרע יעקבידישע פּראָטעסט־שטימונגען און דער נאַטוראַליסטישער טראַדיציע באַקומט זיין אויסדרוק אין דעם מוזיקאַלישן עקספּרעסיאָניזם.

די סאָציאַלע קאָנפליקטן רייסן זיך אַריין מיט אַ ברייטן שטראָם אין דער מוזיק, זיי געפינען דאָ אַ מעכטיקן רעזאָנאַנס־באָדן און דעם ברייטסטן עמאָציאָנעלן דיאַפּאַזאָן. זייער אומיטל־באַרן אויסדרוק באַקומען די סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען אין דער אינטענסיווסטער אָנווענדונג פונעם דיסאָנאַנס־מאָמענט אין דער עקספּרעסיאָניסטישער מוזיק.

די דיסאָנאַנסן ווערן פאַקטיש גלייכגעשטעלט לויט זייער פונקציע מיט די קאָנסאָנאַנסן. דער קלאַסיש־רעאַליסטישער וווילקלאַנג ווערט אופגעלייזט אין פרייע מער אָדער ווייניקער בווּלעטע דיסאָנאַנסן־פאַרבינדונגען.

פּאַראַלעל דערמיט קומט אויך פאָר די ווייטערדיקע צע־שפּליטערונג פון דער רעאַליסטיש־איינהייטלעכער טאָנאַליטעט, וואָס ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרביטן דורך געבראָכענע, דורכ־אַנאַנדער־געפּלאָכטענע און קאָמבינירטע טאָן־אַרטן. אויך דאָ באַ־קומט איר עסטעטישע אָפּשפּיגלונג די דיאַלעקטיק פונעם געזעל־שאַפטלעכן קאַמף.

דער עקספּרעסיאָניזם נעמט ליכט אַרום אין איין קאָמפּאָ־זיציע די הייפּעכדיקסטע שטימונגען: פון טיפסטן צאַאר ביז צו דער געהייבנסטער פרייד; פון העכסטן אופשוווּנג ביז צו דער טיפסטער יערידע; פון דעם באַשיידנדיקסטן מינאָר ביז צום שרייענדיקסטן מאַזשאָר.

די איינהייטלעכע טאָנאַליטעט ווערט אַרויסגעשטופּט דורך געמישטע טאָנאַלע קאָמבינאַציעס. די סטירעסדיקע ריטמען, מיט וועלכע עס איז אזוי אָנגעזאַפּט די עקספּרעסיאָניסטישע מוזיק, באַ־ווייזן, אַז דער קאָמפּאָזיטאָר האָט בײַ זיך נישט געוויזער געוועזן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן ווירקלעכקייט און צוקונפט, צווישן יאָכיד און קלאַל.

דאָס מאַכט די ווירקונג פון דער עקספּרעסיאָניסטישער באַליריטמיק אָפּטמאָל עקואָטיש, אומפאַרשטענדלעך, אָפּגעריסן פון דעם עמאָציאָנעלן מאַסן־יעסאָד.

דער מוזיקאַלישער עקספּרעסיאָניזם קומט פון א י נ ע ו ו י י נ י ק, פון דעם קינסטלערס אונטערבאַוווּסטזיין.

ניט אַלעמאָל אָבער ווערט דאָס אונטערבאַוווּסטע דורכגעזיפּט דורך דער שטרענגער לאָגיק, וואָס איז, לויט איר טאָך, קאָלעקטיוו פאַראַנקערט און דעריבער פאַר „אַלעמען" פאַרשטענדלעך. דער עקספּרעסיאָניסט איז אומבאַהאָלפן אין דעם אויסדרוק פון זיינע אומקלאָרע בענקענישן, און דעריבער פאַלט ער אַזוי לייכט אריין אין עגאָצענטריזם, מיסטיציזם, מעטאַפיזיק.

דער עקספּרעסיאָניזם איז די מוזיק פון אַפּאָקאַליפּסיס, דער עסטעטישער אָנזאָג פון נאָנטע סאָציאַלע איבערקערענישן. דעריבער האָט דער מוזיקאַלישער עקספּרעסיאָניזם נישט צופעליק אויפגעבליצט דאַווקע אין רוסלאַנד, וואָס האָט זינט אָנהייב פון 20-טן יאָרהונדערט געלעבט אין אַטמאָספער פון פאַרשאַרפטע רעוואָלוציאָנערע שטימונגען.

דער בוילעטסטער טרעגער פון דער נייער ריכטונג אין דער מוזיק איז **סקריאַבין**.

דער פאָרשפּיל פון גרויסע סאָציאַלע און פּלאַנעטאַרישע איבערקערענישן האָט באַשטימט דעם גאַנצן לעבנס- און שאַפונגס-וועג פון סקריאַבין. ס'איז אַ געמיש פון אינטעלעקטועלן פּאַטאָס מיט מיסטישע עמאָציעס און ווילנס-אימפּולסן. ס'איז אַ געפלעכט פון פּלאַנעטאַרישן מאַכטווילן מיט געפּענטעטן עראָטיזם. אַ געראַנגל פון קאָסמישער מענטשהייט-דערלייזונג מיטן סאַטאַניזם, וואָס איז פאַרכאַפּט פון צעשטערונגס-דראַנג און פאַרליבט אין זיין אייגענעם סאַרקאַזם.

מוירעדיקער אומרו, אינטענסיווע דינאַמיק ציטערן-דורך דורך סקריאַבינס קאָמפּאָזיציעס. נישט אומזיסט שפּילט אין זיינע ווערק אַזאַ גרויסע ראָליע דער **פּלאַמען-מאָטיוו**, דאָס פיזישע און גייסטיקע ברענען. דורך זיינע באַדייטנדיקסטע ווערק שלענגלט זיך שטענדיק דאָס פלאַמענדיקע, צעשטערנדיקע און ווידער-אויפבויענדיקע („פּראָמעטיי"), און דאָס גייסטיקע ברענען, דער פּאַטאָס, דער עקסטאַז ווערט ביי אים דער קולמינאַציע-פּונקט פון אַלע זיינע קינסטלערישע באַשטרעבונגען („עקסטאַז").

קעדיי אויסצודריקן זיין מעטאַפיזישע רייכקייט, זיין פּאָלשטימיקן כאַראַקטער און ריטמישן קעגנאַנאַנדער און דורכאַנאַנדער,

האָט דער עקספּרעסיאָניזם געשטרעבט צו באַנייען די אַלטע אויסדרוקסמיטלען און צו באַרייכערן די פאָרמען. דער אָרקעסטער וואַקסט זיך פונאַנדער, ער ווערט פילפאַרביקער און פילקלאַנגיקער, אָפּערירט מיט געדיכטע קלאַנגען־מאַסן און געשפּאַנטע קלאַנגען־ראַקורסן. ער שטרעבט אַראָפּצורייסן דעם גרענעץ צווישן דעם אַקטיוו־אויספירנדיקן מוזיקער און דעם פּאַסיוו־אויפנעמענדיקן צו־הערער.

דער עקספּרעסיאָניסט באַלעמט וועגן פאַרוואַנדלען די מוזיק, ווי די קונסט בכלל, אין אַ קליזאַין צו באַהערשן די סטיכיע און זי איבערצובויען נאָך זיינע שאַפנדיקע ווילנס־אימפּולסן. אין דער מוזיק באַווייזן זיך נייע ווילנסריטמען — באַפעלעריש, היפּ־נאָטיזירנדיקע, „אַגיטירנדיקע".

„דער ריטם פון אומרו רייסט זיך מיט אימפּעט אריין אין דער רויק־פאַרגליווערטער וועלט" (סקריאַבין).

די אָפּקלאַנגען פון דער אַלטער אפשטאַרבנדיקער וועלט באַגעגענען זיך דאָ מיטן פאָרשפּיל פון אַ נייער, אָקאָרשט געבאָרענער. דאָס ניי־געבאָרענע אָבער ראַנגלט זיך אַפן וועג צו זיין אַנטפּלעקונג מיטן אַלטפּרענקישן מאָשיכיזם, וועלכער איז די עגאָ־צענטרישע דעגענעראַציע פונעם רעוואָלוציע־געדאַנק.

דער עקספּרעסיאָניסט וויל אַף אַ מיסטישן אויפן פאַרוואַנדלען די קונסט אין אַן אידיליסטישער פּאַנאַציי — דעם איינציקן רעטונג־מיטל פון אַלע קאָסמישע און סאָציאַלע נויטן.

אין מוזיק־קונסט באַקומט אָפּט זיין אויסדרוק דאָס שטרעבן פון דעם יונגן קלאַס צו דער מאַכט. ביי די עקספּרעסיאָניסטן איז אָבער דער אויסדרוק סטיכיש, ניט־אָרגאַניזירט: עס פעלט זיי די קלאָרע אידעאָלאָגישע ציל־איינשטעלונג.

אַזוי האָט אויך סקריאַבין געמוזט געשטרויכלט ווערן ביים שוועל פון זיין סינטעטישער — סאָציאַל־און עסטעטיש־דערלייזנדי־קער „מ י ס ט ע ר י ע", וועגן וועלכער ער האָט געכאָלעמט זיין גאַנצן לעבן.

* * *

פוטוריזם. — דעם דינאַמיש־אַקטיוויסטישן מאָמענט האָט אין

דער מוזיק פאַרשטאַרקט דער *פוטוריזם*. די דינאַמיק ווערט
דאָ געשטייגערט ביז צו דער העכסטער מאדריגע.

די קלאַנגען און גערוישן פון דער גרויסער וועלט=שטאָט,
די ריטמען פון דער מעכטיקער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג בילדן
דעם טרייבנדיקן קויעך פונעם מוזיקאַלישן פוטוריזם. די שיינקייט
פון דער אומגעהויערער גיכקייט און געשפּאַנטקייט — דער ריטם
פון דעם קאָנווייער, דער בליץ=ריטם פון דעם ראַדיאָ באַוועגן
דעם קאָמפּאָניסט אָנצווענדן ביים אויסדרוק פון זיין גייסטיקער
וועלט נייע פאַרגיכערטע, מער אינטענסיווע ריטמען. די פוטוריס=
טישע מוזיק אַפּעלירט דירעקט צו די באַוועגנדיקע מוסקול=צענ=
טערן. זי מיידט אויס מעלאָדישע סענטימענטן און פסיכאָלאָגישע
קליין=מאָלעריי. זי ווענדט זיך צו די ווילנס=צענטערן. זי שטרעבט
אַרויסצורופן אַ דירעקטן פסיכאָ=פיזישן עפעקט. זי באַנוצט דערי=
בער אַזוי אָפט אויפבייטשנדיקע ווילנסריטמען, גרעלע קאָנטראַסט=
טענער, פלוצלונגדיקע איבערגאַנגען.

אין איר שטרעבן צו אַזוינע דירעקטע מאָטאָרישע עפעקטן
געפינט די פוטוריסטישע מוזיק אַ ווירקזאַמען הילפמיטל אין דעם
פאָלקס=פּרימיטיוו, וואָס איז אויך קוידעמקאָל אָנצינדנדיק=
מאָטאָריש.

אין דער פוטוריסטישער מוזיק פאַרנעמט דער *דיסאָנאַנס*
דעם אויבן=אָן. ער באַהעפט זיך דאָ אָפט מיט פּראָטעסט=שטימונ=
גען און סאַרקאַזם און נעמט אָן דעם כאַראַקטער פון מוזיקאַלישן
שאַרזש און קאַריקאַטור.

דער פוטוריזם צעשטערט די טראַדיציאָנעלע מוזיקאַלישע
פאָרמען. ער האַלט זיך נישט מער אָן די אָנגענומענע טאָן=איינ=
טיילונגען: $^1/_4$=און $^1/_3$=טענער הייבן אָן צו שפּילן די באַדייטנ=
דיקסטע ראָליע. דער פוטוריזם גייט אין דער איינטיילונג פון דער
טאָן=סקאַלע נאָך ווייטער פון דעם אימפּרעסיאָניזם. פראַנצויזישע
פוטוריסטן האָבן דערפירט די דיפערענצירונג פונעם טאָן=לייטער
אַזש ביז 50 טייל=שטופן. דאָס האָט אומגעהויער באַרייכערט דעם
טאָן= און קלאַנגען=אַרסענאַל פון דער מאָדערנער מוזיק.

די אַלטע אינסטרומענטן זיינען שוין נישט מער בעקויעך

אויסצודריקן די נײַע קלאַנגען־פֿאַרבינדונגען. עס ווערן איינגעפֿירט גרילצנדיקע, שרײַענדיקע, קלינגענדיקע, רווישנדיקע, זשומענדיקע, קלאַפּנדיקע אינסטרומענטן. א באַזונדערע באַדייטונג באַקומען די שלאָג־אינסטרומענטן, וואָס אַפּעלירן דערייקער צו די מאָטאָרישע צענטערן.

די מאָדערנע טעכניק העלפֿט אויך מיט דער באַרײַכערונג פֿון די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. עס באַווײַזן זיך נײַע קלאַנגען־פֿאַרבן, עס ווערן פֿאַרפֿײַנערט די טעמבּרען.

אַן אילוסטראַציע פֿון מוזיקאַלישן פֿוטוריזם שטעלן מיט זיך פֿאַר סטראַווינסקיס קאָמפּאָזיציעס.

סטראַווינסקי האָט זיך באַפֿרײַט פֿון דעם רעאַליסטישן פּסיכאָלאָגיזם און פֿון דעם מעלאָדישן ליריזם. אין גראָטעסקע קלאַנגען־פֿאַרבינדונגען שטרעבט ער אויסצודריקן די האַרמאָנישע און דיסהאַרמאָנישע גערוישן פֿון דער גרויסער שטאָט. ער איז אינטעלעקטואַליסטיש, סאַרקאַסטיש. אין דער שילדערונג פֿון דער באַוועגונג איז ער אָפֿט מעכאַניסטיש, שאַרזשירנדיק די נאַטור־און קולטור־קלאַנגען. „סאָלאָוויי“ און „פּעטרושקאַ“ זײַנען מוזיקאַלישע פּלאַקאַטן. אָפֿט הערט זיך דערבײַ דער אָפּקלאַנג פֿון דעם גרויס־שטעטישן רעקלאַמע־געפּילדער.

די באַרײַכערטע מוזיקאַלישע טעכניק גיט דעם פֿוטוריזם די מעגלעכקייט אין א פֿולערער מאָס, ווי ביז איצט, צו שילדערן אין טענער דעם פֿאָלקסטימלעכן לעבנשטײַגער מיט זײַנע בונטע יאָנטויווים און פֿאַרביקע זשאַנר־סצענקעס („פּעטרושקאַ“). די פֿוטוריסטישע מוזיק איז אָנגעזאָפּט מיט באַוועגונג. זי איז טענצעריש־פּאַנטאָמימיש.

דער פֿוטוריזם באַקומט זײַנע אימפּולסן פֿון דער מאָדערנער גרויס־אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. אין א סאַך פּראָטים איז ער גוווער די עגאָצענטרישע פּסיכאָלאָגישע גריבלערײַען.

אַף וויפֿיל אָבער דער קאָמפּאָזיטאָר בלײַבט אָפּגעריסן פֿון דעם קאָלעקטיוון מאַסן־לעבן, טראָגט זײַן שאַפֿן נאָך אַלץ דעם שטעמפּל פֿון יעכידישע קאַפּריזן, פֿון דעם קינסטלערישן צולעהאַכעס קעגן דעם קאַקאָפֿאָנישן אַרום. דעם ריטם פֿון אונדזער

צייט, דעם דיאַלעקטישן געראַנגל פון אירע קלאַנגען און זייער אינעווייניקסטע האַרמאָניע האָט דער מוזיקאַלישער פוטוריזם דאָך נישט אויסגעדריקט אין אַן אַדעקוואַטער, געזעלשאַפטלעך־ווירקזאַ־מער פאָרם. ער איז נישט געווען בעקוועם אַריבערצוּוואַרפן די בריק איבערן טהאָם, וואָס טיילט אָפּ די יעכידישע קאָמפּאָזיציעס פון דער קאָלעקטיווער מאַסן־איבערלעבונג.

* * *

**קוביזם.** — אין דער מאָלעריי איז דער קוביזם געווען די דיאַלעקטישע רעאַקציע קעגן דער אימפּרעסיאָניסטישער צעפלאָסנקייט פון ליניע און פאַרב אין דער ריכטונג צו אַ פעס־טערער געשלאָסנקייט און קאָמפּאַקטקייט. אין דער מוזיק האָט די אָנווענדונג פונעם קוביסטישן פרינציפ געפירט צו אַנאַלאָגע רע־זולטאַטן.

דער „קוביזם“*) אין דער מוזיק איז געווען קווידעמקאָל אַ פּראָטעסט קעגן דער טאָן־ און קלאַנג־פאַרפיינערונג, קעגן דעם כראָמאַטישן טאָנלייטער מיט אירע צעפיצלטע טאָנאַלע ניואַנסן. ער האָט אַרויסגעוואָרפן פונעם טאָנלייטער די אומצאָליקע צווישן־טענער פון דער אימפּרעסיאָניסטישער תקופה. ער איז אָבער נישט געבליבן שטיין בא דער 12־שטופיקער אָקטאַווע: ער האָט פון איר אַרויסגעוואָרפן אַפילע די האַלב־טענער און זיך אומגעקערט צו די 7 גרונט־טענער פון דער אָקטאַווע. דער מוזיקאַלישער אויסדרוק איז געוואָרן לאַפּידאַרער, האַרבער.

אַלס רעאַקציע קעגן די קאַפּריזע קלאַנגען־זוכענישן און עק־זאָטישע קלאַנגען־סענסאַציעס פונעם אימפּרעסיאָניזם, קערט זיך אום דער קוביזם צוריק צו טאָנאַלער פּאַשטעס און קראַפטפולער באַ־שטימטקייט. דער צעשאָטענער און צעשווומענער אימפּרעסיאָניסטי־שער ריטם טרעט דאָ אָפּ זיין אָרט אַ שטרענגערן, צוזאַמענגע־פאַסטערן ריטם, וואָס שטרעבט צו געבן דער טאָנאַלער מאַטעריע און דעם מעלאָס פעסטע קאָנטורן און געשלאָסענע פאָרם. דאָס

*) מיר ווענדן דאָ אָן דעם באַגריף „קוביזם“ נאָך דער אַנאַלאָגיע מיט דער מאָלעריי.

האָט אויך רעליעפער געמאַכט די גרונט-מאָטיוון פון דער קאָמפּאָזיציע.

קענן דער פאַרווייכלעכטער האַרמאָניזירונג פון דעם אימ־פּרעסיאָניזם שטעלט דער קוביזם אַרויס די איינהייטלעך-צוזאַמענ-געפּאַסטע און שטרענג-אויסגעהאַלטענע האַרמאָניע. די קאָמפּאָזי־ציע פאַרלירט אין ניואַנסן און דיפערענצירטקייט, באַקומט אָבער דערפאַר אַ שטאַרקערן, מער צוזאַמענגעהאַלטענעם און איינהייט־לעכן כאַראַקטער.

אין אַלע אירע הויפּט-עלעמענטן מאַכט די מוזיק אַ קער צום פּרימיטיוויזם.

דאָס שטרעבן צו פאַראיינפאַכונג פירט דעם קוביזם צו אַ מער איינגעשרענקטער און אָרעמער מוזיקאַלישער טעכניק. דאָס טאָרמאָזירט אויך די צופּאַסונג פון דער מוזיק צו די טעמפּן פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

די נייע תּקופה וואַרט נאָך אַלץ אויף דעם סינטעז פון באַ־נייטן מעלאָס, פאַרסירטן ריטם, געשטייגערטער האַרמאָניע און געשלאָסענער קאָמפּאָזיציע — זי וואַרט אויף אַ נייעם מוזיקאַ־לישן סטיל.

———

אין דער תּקופה פון בורזשואַזן אָפּגאַנג מיט איר אומרו און צעריסנקייט האָט די גרויסע קלאַסישע אָ פּ ע ר ע פאַרלאָרן איר באַרעכטיקונג. זי טרעט אָפּ איר אָרט דער לייכטזיניקער און לייכטפיסיקער אָפּערעטקע. אויך דאָ פאַרנעמט וואָס ווייטער אַלץ מער דעם אויבן־אָן דער מאָטאָרישער מאָמענט. דאָס שפּילערישע, דאָס פאַרווײַלנדיקע, די סאַטירע, דער וויץ, דאָס פריוואָלע, די בופאָנאַדע, דער גראָטעסק בילדן דעם טאָן פון דער אָפּערעטן־מוזיק.

דער סענטימענטאַלער ראָמאַן ווערט אַרויסגעשטופּט דורך דעם ברוטאַלן דזשאַז, און די עלעגאַנטע מענועטן-טענצערייַ טרעט אָפּ איר אָרט דעם נאַקעט-עראָטישן בלעק-באָטאָן.

און דורך דעם גאַנצן געפילדער פון אויפרייצנדיקע, בראַ־

ווירנדיקע און פּריוואָלע טענער שלענגלט זיך ערגעץ טיף אין דעם מעלאָדישן אונטערגרונט דער איינגעהאַלטענער צאַר. און די שרייענדיקע בראַוור־טענער ווערן אָפּטמאָל אינגאַנצן באַהערשט דורך דעם נאָגנדיקן מינאָר.

דער שרעק פאַר דעם אומפאַרמיידלעכן צוזאַמענבראָך, וואָס פּאַראַליזירט דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פון דער בורזשואַזיע, געפינט אויך דאָ זיין בוילעטן אָפּקלאַנג.



## C) ליטעראַטור.

**דעקאַדאַנס, סימוואָליזם, אימפּרעסיאָניזם.** — דער געזעלשאַפטלעכער און פּסיכאָ־אידעאָלאָגישער באַרג־אַראָפּ פון דער בורזשואַזיע האָט באַקומען זיין אויסדרוק אויך אין דער קריטישער איבערשאַצונג פון די ל י ט ע ר א ר י ש ע ווערטן. עס באַווייזט זיך אַ ריי ליטעראַרישע ריכטונגען, וואָס גראָבן אונטער די רעאַליסטישע יעסוידעס פון דער קלאַסיש־בירגערלעכער ליטעראַטור, קוידעם־קאָל, דער דעקאַדאַנס־סימוואָליזם און אימפּרעסיאָניזם.

צום סאָף פון 19־טן יאָרהונדערט האָט די בורזשואַזיע וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגעהויבן צווייפלען אין דער אומדערשיטערלעכקייט פון איר הערשאַפט. זי האָט אַלץ מער אָנגעהייבן שפּירן, אַז זי ווערט איבעריק. דער באַוווסטזיין פון איר פּאַראַזיטאַרישקייט דרינגט אַלץ טיפער אַריין אין די מוחעס פון אירע „אויסדערוויילטע״.

דער צעטרייסלטער גלויבן אין זיך און די ספּייקעס אין דער אייביקייט פון דער אייגענער מעמשאָלע האָבן אַוועקגעשטעלט פאַרן בירגערלעכן ליטעראַט אַ וואַנט צווישן אים און דער אַרומיקער וועלט. ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין דער אומדערשיטערלעכקייט פון דער בירגערלעכער רעאַליטעט, און אין דער ליטעראַטור האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן אַרעאַליסטישע, איראַציאָנעלע מאָמענטן: דאָס זשאָנגלירן מיט דעם סוידעספולן, דאָס קאָקעטירן מיט דער אומענדלעכקייט און די רעוועראַנסן פאַרן טויט — דעם סאָף פון אַלע סאָפן פאַרן צעשראָקענעם יאָחיד.

צוזאַמען דערמיט האָבן זיך אין דער ליטעראַטור אָנגעהויבן
פּרוכפּערן אַלערליי פּסיכאָ=אידעאָלאָגישע נעפּלען און קאָלערליי
מינים מיסטיציזם.

דער גערוּנקלעכער בּאַהעפט צווישן דער ליטעראַטור און
דערווירקלעכקייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און זיין אָרט האָבן
פאַרנומען מעטושטעשע אָנצוהערענישן וועגן דער שייכעס צווישן
קינסטלער און דער וועלט.

דער געזעצמעסיקער פונאַנדערפאַל פון דער בּירגערלעכער
אָרדענונג ווערט קוידעמקאָל אופגענומען און קאָנסטאַטירט דורך
דעם אינטעלעקט. דעריבער שרעקט אָפּ דעם בּירגערטום די פון
דעם קריטישן אינטעלעקט העל=בּאַלויכטענע ספערע, די מיט ראַציאָ=
נעל=קלאָרן בליק אופגעפאַסטע ווירקלעכקייט. דער בּירגערטום
זאָגט זיך אויך אין דער ליטעראַטור אַלץ מער אָפּ פון דעם רעאַ=
ליסטישן גרונט=כאַראַקטער פון זיין אופשטייג=פּעריאָד.

און אַלץ אָפטער פאַרקריכט ער זיך אין דעם טונקעלן
אונטערבּאַוווּסטזיין, ער אַנטלויפט פון דער ווירקלעכקייט אין זיינע
כאַלוימעס. זיין אומרו און נעשאָמע=וויטאָגן פאַרפּוצט ער עסטעַ=
טיש. אָפּטמאָל געפינט ער זיין טרייסט אין מעשונעדיק=אויסטער=
לישע ווערטער=קאָמבּינאַציעס, אָן יעדן פּסיכאָ־אידעאָלאָגישן צוזאַ=
מענהאַלט.

די כוואַליע פון דעקאַדענטישע, סימבּאָליסטישע און אימ=
פּרעסיאָניסטישע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור האָבן פאַרבּיטן
דעם קלאַסישן רעאַליזם דורך פּסיכאָלאָגיזירנדיקער שפּליטער=און
שערבּלעך=ליטעראַטור. אַף די כורוועס פון רעאַליזם און נאַטוראַ=
ליזם האָט זיך בּרייט פונאַנדערגעוואַקסן דער סובּיעקטיוויזם, דער
יעכידישער איינפאַל, די אינטעלעקטועלע און עמאָציאָנעלע האַמצאָע
פון דעם קינסטלער.

און ווי שטענדיק אין אַזוינע אָפּגאַנג=מאָמענטן, בּאַקומט
דער פאָרמעלער עסטעטיזם די אויבּערהאַנט, און קאַפּריזע קלאַנ=
גען=און בּילדער=פאַרבּינדונגען אַפּעלירן קוידעמקאָל צום „ראַפינירטן"
כוש פון דעם עסטעטישן פיינשמעקער.

די פּאָעזיע איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט כוואַליעס פון לי=

ריש=מעלאָדישע שטימונג=שפּילערייען. צוזאַמען דערמיט זיינען בילעכווייז פאַרשוונדן פון דער ליטעראַטור די גרויסע אַרכיטעקטאָנישע פאָרם פון דעם פילגאָרנדיקן קלאַסישן ראָמאַן, די שטרענגע קאָנטורן פון דער רעאַליסטישער פּאַבל=צייכענונג, דער נאַטור=טרייער סיוזשעט מיט די נאַטוראַליסטישע פּראָפּאָרציעס.

און וואָס מער די רעאַלע טעמאַטיק איז אָפּגעטראָטן אַפן הינטערגרונט, אַלץ ברייטער האָט פאַרכאַפּט די ליטעראַרישע אַרענע די צופּעליקע, דורך יעכידישע קאַפּריזן פאַרקריפּלטע אָפּשפּיגלונג פון דער וועלט אין דעם קינסטלערס פּסיכיק. און זיינע אינדיווידועלע איינדרוקן, „אימפּרעסיעס“, דריקט אויס דער קינסטלער אין רובעסדיק=פונאַנדערגעבלאָזענע סימוואָלן, אין מעטאַפאָרעס און אַלעגאָריעס, וואָס שפּרייזן איבער דער ווירקלעכקייט, ווי אויף שטאָלצעס.

אין אָט דער ליטעראַטור זוכט דער קינסטלער צו אַנטלויפן פון דער סטירעסדיק=אומרויִקער ווירקלעכקייט, עסטעטיש אויסצולעבן אין איר זיינע אומקלאָרע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע וואַקלענישן און זיין אומרו.

איז זיך אָט די ליטעראַטור פאַכראָנעסדיק פאַרקראָכן אין די סאַלאָנען, קאַבינעטן און בודוארן.

דער סימוואָל פון די אימפּרעסיאָניסטן איז געבאָרן דורך זייער פאַכעד פאַר דער אומפאַרשטענדלעכער און גרויזאַמער פאַר זיי ווירקלעכקייט, דער מוירע פאַרן פאָרויסגעפילטן אומפאַרמיידלעכן סאָף.

אַ בולעטע אילוסטראַציע געפינען מיר אין די ליטעראַרישע שאַפונגען פון מ ע ט ע ר ל י נ ק און אַ נ ד ר ע י ע וו.

אָפּגעשטויסן פון דעם לעבן און אָפּגעשראָקן דורכן טויט, נעמען זיי אויף די וועלט, ווי אַ טפיסע אָדער מעשוגאָים=קעמערל. ראַטעווען זיי זיך אין מעטאַפיזישע סימוואָלן און וועלט=פרעמדע אַלעגאָריעס.

מיר געפינען ביי אַנדרעיעוון אויך אינטעלעקטועלע אַבסטראַקציעס, קאָמפּעסיקע סכעמעס און אַ געוויסן עקסטאַטישן

איפּבּרויז. דאָס האָט פאַרפירט איינִיקע קריטיקער צוצורעכענען אַנדרעעװן צו דער עקספּרעסיאָניסטישער ריכטונג. אַנדרעעװן פעלט אָבער אינגאַנצן דער פּאַטעטישער אופּלי, װאָס כאַראַקטעריזירט קיידעמקאָל דעם עקספּרעסיאָניזם. אַנדרעעװס סימװאָלן און אַלעגאָ־ריעס זײַנען אין טאָך נישט מער װי װײַטע אָפּשפּיגלונגען פון זײַנע אימפּרעסיאָניסטישע אײמע־און גרױל־שטימונגען. זײַן קלױ־מערשטע בונטאַרישקײט װערט אָף שריט און טריט פּאַראַליזירט דורך פאַרצװײפלונג און אָנמאַכט קעגן דעם אַלמעכטיקן „עמיצן“.

אָף װיפיל מיר געפינען אין אַנדרעעװס שאַפן אויך עקס־פּרעסיאָניסטישע רעמאָזים, אַנטפּלעקן זײ זיך דאָ נאָר אין זײער נעגאַטיװער געשטאַלט.

פאַרן צעשראָקענעם גײסט לױערן אומעטום געהײמניספולע געפאַרן און פאַרבאָרגענע טראַגעדיעס. און בײַם דער שרעק פאַר־װאַנדלט א פלינן־סענטימענט אין אַ טראַגישער עלעפאַנטן־איבער־לעבעניש, דאַמאָלסט װערט געבאָרן דער „ס י מ װ אָ ל“ פון די דעקאַדענטן־אימפּרעסיאָניסטן.

אָט דער דעקאַדאַנס־סימװאָליזם איז דער ליטעראַרישער צאַפּל פון דער צעשראָקענער בורזשואַזיע. פון דער פײַנלעכער װירקלעכקײט ראַטעװעט זיך דער אָפּגאַנג־אינטעליגענט אין דעם רוכניעסדיקן „סימװאָל“.

דאָס איז אין לעצטן טאָך דער טרײַבנדיקער קױעך אין דעם ליטעראַרישן שאַפן פון די באַדײַטנדיקסטע אימפּרעסיאָניסטן און סימװאָליסטן, װי מ. מ ע ט ע ר ל י נ ק, ל. אַ נ ד ר ע ע װ, א. בּ ל אָ ק.

אַ בלײַערנער אומעט ליגט אױסגעגאָסן איבער אָט דער גאַנצער ליטעראַטור פון דעם בירגערלעכן אָפּגאַנג. אַלע ניואַנסן פון דעם מינאָר, פון אַש־גראָ, פון האַלב־טונקל פּרובּפּערן זיך אין זײערע סימװאָלן און אַלעגאָריעס, װאָס זײַנען שטענדיק פּראָ־יעקציעס פון דעם קינסטלערס אײמע און שרעק. אנטױשונג און ײוש פּליסטערן צו אונדז פון אַלע יעכידיש־אינטעליגענטישע דע־פּרעסיעס.

די העכסטע מאַדרייגע, צו וועלכער עס דערהייבט זיך דער האָפּענונגלאָזער פּעסימיזם, איז דער סקעפּסיס, די קריטיק, די כּיי־זעק־סאַטירע.

אַז מען פאַרלירט דעם גלויבן אין זיך, אין דער אייגענער צוקונפט, בלייבט נאָר דער גלויבן אין דעם אייגענעם אומגלויבן, אין דעם סאָפּעק. דער סקעפּסיס בלייבט דער איינציקער טרייבנ־דיקער קויעך. די וועלט איז דאָ אַן אָרענע פון ראַפינירטע באַנ־דיטן, קוואַליפיצירטע נישטיקייטן און קאָלערליי מעשוגאָים. אַזוי שילדערט די אָפּגייענדיקע בירגערלעכע וועלט דער אַנטווישטער אינטעליגענט א י ל י א ע ר ע נ ב ו ר ג.

אָבער אויך דער סקעפּסיס מאַכט דורך, צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע, אַלע מאַדרייגעס פון איר אָפּגאַנג. דער סקעפּסיס, וואָס איז אינאָנהייב אָנגעזאַפּט מיט פּאַטעטישע עלעמענטן, ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעבייטן אַף קליינגעלט.

די סאַרקאַסטישע הויכן און סאַטירישע טיפענישן פון אַן אַ נ אַ ט אָ ל פ ר אַ נ ס און ב ע ר נ אַ ר ד ש אָ ו ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרפלאַכט און טרעטן אָפּ זייער אָרט דעם אין טאָך אליינצופרידענעם סקעפּטיציזם פון אַן ע ר נ־ב ו ר ג.

די פרייד פון אַן אַנאַליטישער צעפּיצלונג און אָפּלייקענונג פון דער מאָדערנער קולטור געפינט דאָ ניט קיין שום באַרעכטי־קונג אין אַ סינטעטישן צוקונפט־אידעאַל.

דער סקעפּטיציזם איז די צווייטע זייט פון דער סימוואָלים־טישער מאַטבייע.

דער אינדיווידואַליזם, פּעסימיזם, מיסטיציזם און סקעפּטיציזם זיינען די גרונט־זיילן פון דער סימוואַליסטיש־אימפּרעסיאָניסטישער ליטעראַטור און זייער געמיינזאַמע סאָציאַלע פונקציע איז: קולטי־ווירנדיק אין די פאָלקמאַסן די געזעלשאַפטלעכע אָפּהענטיקייט, איבערלאָזן דעם קאַמף־פעלד דער סאָציאַל־פּאָליטישער רעאַקציע.

* * *

**עקספּרעסיאָניזם.** — אויב אין דעם א י מ פּ ר ע ס י אָ נ י ז ם זיינען טאָנגעבנדיק די אָפּגאַנג־שטימונגען, באַטייט דער ע ק ס־

פּרעסיאָניזם דעם פּרוּוו — עטעס, נאָך אַן אומבאַהאָלפּענעם — אָנצוטאַפּן דעם אויסוועג פון דעם שווערן קריזיס. דער באַרג־ארוף־מאָמענט, באַזונדערס אין עטאָציאָנעלן זין, דער פּאַטאָס איז דער בוילעטסטער שטריך פון דער עקספּרעסיאָניסטישער קונסט.

אויך אין דער ליטעראַטור שטעלט פאָר מיט זיך דער עקספּרעסיאָניזם דעם ערשטן טריט אפן וועג גוויוער צו זיין די פּאַסיוויסטישע יערידע־שטימונגען פון דעם ליטעראַרישן דעקאַדאַנס־סימוואָליזם און אימפּרעסיאָניזם.

דער ליטעראַט קאָן ניט שאָלעם מאַכן מיט דער פּערספּעקטיוו פון דעם אומפאַרמיידלעכן סאָף און ער דערקלערט אַ רעוואָלט קעגן אַלץ, וואָס האָט נישט קיין קויעך אַליין ווייטער צו באַשטיין און לאָזט נישט אויפקומען קיין נייע שפּראָצונגען.

אין דעם עקספּרעסיאָניזם באַגעגענען זיך דער אומבאַראַכמאָנעסדיקער קאַס קעגן דעם אָפּשטאַרבנדיקן און אַ בענקעניש נאָך דעם נייעם, וואָס דאַרף ערשט קומען. דער עקספּרעסיאָניזם שפּירט אָט דאָס נייע אינטויטיוו צווישן די כורוועס פון דעם פאַרוועלקטן בירגערלעכן לעבנשטייגער. ער קאָן אָבער דאָס נייע אין זיין גאַנצער גרויס און בוילעטקייט נישט באַנעמען.

ס'האָבן זיך אין אים באַגעגנט די 2 אַנטאַגאָניסטישע קוילעס פון דער אימפּעריאַליסטישער טקופע: פון איין זייט — די בירגערלעכע יערושע, די אידעאַליסטישע נעפּלען, די יעכידישע אָפּגעריסנקייט פון קלאַל; פון דער אַנדער זייט — די ערשטע טריט פון דער וועלט־באַנייונג דורכן פּראָלעטאַריאַט, וואָס גיט נייע סטימולן דער בלוט־אָרעמער בירגערלעכער ליטעראַטור.

דער עקספּרעסיאָניזם האָט דעריבער 2 פּנימער: איינער איז געווענדט צו דער פאַרגאַנגענהייט, דער יעכידיש־קאַפּריזנער, גייםטיק־אַריסטאָקראַטישער, און דער 2־טער — געווענדט צו דער צוקונפט, דער עקסטאַטיש־רעוואָלטירנדיקער, וואָס מונטערט אויף צו באַפאָרשטייענדיקע גרויסע באַפרייונג־קאַמפן.

דעריבער געפינען מיר דאָ צוזאמען מיט דעם נאָך בירגערלעך־אָריענטירטן וויטמאַן דעם סאָציאַליסטיש־אופּבּרויזנדיקן ווערכארן.

עס איז די דיאַלעקטישע לאָגיק פון יעדן קריזיס, וואָס גראָד אין דעם מאָמענט פון דעם אינטענסיווסטן אָפּגאַנג ווערט אָנגעזאָגט דער נייער אופשטייג.

דער עקספּרעסיאָניזם איז א פּראָדוקט פון דער צעזעצונג פון דער בירגערלעכער ליטעראַטור. ער איז אָבער ווערטפול, קוידעסקאָל, דורך דעם, וואָס אין אים באַקומט זיין אויסדרוק דער צעשטערונג־דראַנג קעגן דאָס אַלטע, אָפּגעלעבטע. אָט דער אויסדרוק נעמט אָפּט אָן אַנאַרכאָ־אינדיווידואַליסטישע פאָרמען, וואָס זיינען אזוי אויסטערליש־פרעמד דער ברייטער פאָלק־מאַסע.

דעם עקספּרעסיאָניסטישן דיכטער זיינען צו ענג געוואָרן די סאַלאָנען און די בודוארן. ער רייסט זיך פון דאָרטן אין די ווייטע וועלט אף די ראשיקע גאַסן און פּלעצער, אין די פאַבריקן און קאַזאַרמעס.

ער האָט דערזען די וועלט מיט נייע אויגן. דעם גלויבן אין דער פעסטקייט פונעם בירגערלעכן לעבנסיידער האָט דער עקספּרעסיאָניסט פאַרלאָרן. און די אופגייענדיקע שפּראָצונגען פון דער נייער פּראָלעטאַרישער וועלט האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ נייעם מעכטיקן אימפּעט. די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט־באַנייונג האָבן אים פאַרשיקערט.

דאָס אַלץ באַקומט זיין אויסדרוק אין דעם פּלאַנעטאַריש־פאַנטעיסטישן אופברויז פון דער עקספּרעסיאָניסטישער פּאָעזיע. דער פאַנטעיסטישער וועלט־באַנעם באַקומט ביי די עקספּרעסיאָניסטן אַ נייעם אינהאַלט. די מענטשהייט, אַלס באַנייטע קולטור־געמיינשאַפט און אַלס טייל פונעם אייניהייטלעכן קאָסמאָס, באַקומט אין דעם שאַפן פון וואָס וויטמאַן אַ בוילעטן פּאָעטישן אויסדרוק.

וויטמאַנס אַלמענטשנטום איז קאָסמיש, און זיין אונאַנימיסטישער קאָסמאָס איז דורכגעדרונגען מיט אַלמענטשלעכקייט. אָט דער מעכטיקער שטראָם פון אוניווערסאַלן אַלץ אַרומנעמענדיקן

וועלט=עקסטאז האָט נישט געקענט באַקומען זײַן אויסדרוק אין די אַלטע טראַדיציאָנעלע פאָרמען. וויטמאַן שטרעבט זײַנע געפיל=כוואַליעס אַרײַנצוגיסן אין נײַע ריטמיש=פרײַע פערזומאָסן.

דער מעכטיקער פּאָעטישער טעמפּעראַמענט גיסט זיך פונאַנדער איבער אַלע ברעגעס. די אוניווערסאַלע סטיכיע, דער כאַאָס באַהערשט דעם קינסטלערס גײַסט. די פּאָעטישע פאָרם בלײַבט ווײַט צוריק הינטער דער גרויסער גײַסטיקער אויפגאַבע.

דער עקספּרעסיאָניסט האָט דערשפּירט צום ערשטן מאָל דעם ריטם פון דער גרויס=שטאָט, פון דער אינדוסטריעלער אַנט=וויקלונג. פון דאָרטן שעפּט ער זײַנע טעמעס, זײַנע סיזשעטן. זײַן געפיל=וועלט איז פאַרפלײצט און באַטויבט דורך די נײַע אײַנ־דרוקן. אויך דאָ איז ער מער זײער קאָרבן, ווי זײער באַהערשער. די באַרירונג מיטן פּראָלעטאַריאַט דערוועקט אין דעם עקספּרעסי־אָניסטישן דיכטער דאָס שטרעבן אַרײַנצוטראָגן אין אָט דער פּאָ־עטישער סטיכיע פּלאַן=און ציל=באַוווסטקײַט. די נאָך נישט=פאַר=פעסטיקטע אָריענטאַציע אָפן סאָציאַליזם איז אָבער נאָך נישט בע=קויעך צו אָרגאַניזירן דעם אויפגערודערטן אונטערבאַוווסטזײַן (וו. בריוסאָוו).

מער ווי אַלע אַנדערע עקספּרעסיאָניסטן סאָף 19=טן און אָנהייב 20=טן יאָרהונדערט האָט זיך דערנענטערט צום פּראָלע=טאַרישן וועלט=באַנעם ע. ווערכאַרן. דער שטורמישער פּראָ־טעסט באַקומט בײַ אים זײַן אידעישע באַרעכטיקונג. דער מעכטיקער אויפברויז פון דער נאָנטער סאָציאַלער איבערקערעניש גיט די פּראָטעסט=שטימונגען זײער סאָציאַלע באַרעכטיקונג („די באַגינענס״). דאָס יעבידישע דערנענטערט זיך דאָ צו דער אויפלייזונג אין דעם קאָלעקטיוו.

ווערכאַרנס ווערק געהערן צו די וויכטיקסטע דאָקומענטן פון דער ערעוו=רעוואָלוציע=טקופע.

———

אין אַלגעמײַן אָבער און אין זײַן גרונט=שטימונג איז דער עקספּרעסיאָניזם אַנאַרכאָ=אידעאַליסטיש. דער עקסטאַטישער אויפברויז

פאַרטראַגט אים ווייט פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט. עס פעלט אים, מיט איינציקע אויסנאַמען, די פּסיכאָ־אידעאָלאָגישע אָפּגעקלערטקייט, די באַוווּסטזיניקע ציל־איינשטעלונג און דער אָר־גאַנישער צובונד צו די קעמפנדיקע מאַסן. און דעריבער קאָנען די היספּיילעס־ועגלען פון דעם עקספּרעסיאָניזם אָנגעטריבן ווערן ווי פון רעוואָלוציאָנערע, אַזוי אויך פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ווינטן.

* * *

**פוטוריזם.** — דער שווערפּונקט פון דעם עקספּרעסיאָניזם איז געלעגן אין גוויוער־זיין די פאַרגאַנגענהייט. דאָס שטרעבן צו „דעריאָגן” די צוקונפט האָט באַקומען אין דער ליטעראַטור זיין אויסדרוק אין פ ו ט ו ר י ז ם (צוקונפטיזם).

דער קריזיס ליגט אַרויף אַ טאָפּלטן שטעמפּל אויף אַלע ליטעראַרישע ריכטונגען פונעם בירגערלעכן אָפּגאַנג. מען איז גע־צווונגען צו לאַווירן צווישן דער אָפּגייענדיקער בורזשואַזיע און דעם אופשטייענדיקן פּראָלעטאַריאַט. דער גראַנגל פון אָט די 2 קויכעס האָט זיך אפן ליטעראַרישן פּראָנט אָפּגעשפּיגלט אין פוטוריזם.

פון איין זייט — די טראַדיציאָנעלע יערושע פון דעם בירגערטום; פון דער אנדער זייט — דער האַס קעגן דעם גסיס־צושטאַנד און די בענקשאַפט נאָך באַנייונג. פון איין זייט — די אָריענטאַציע אפן פינאַנס־קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם, און פון דער אנדער זייט — דאָס קאָקעטירן מיטן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס דער איטאַליענישער פוטו־ריזם מיט מ אַ ר י נ ע ט י בעראָש האָט זיך פּסיכאָ־אידעאָלאָגיש אַזוי לייכט צוגעפּאַסט צום פאַשיזם, ביים דער רוסישער פוטוריזם האָט נישט ווייניקער לייכט דורכגעמאַכט די עוואָלוציע פונעם בורזשו־אַזן עגאָ־פוטוריזם (איגאָר סעווערזאַנין) צום קאָמוניסטישן פוטוריזם (מאַיאַקאָווסקי). כאַראַקטעריסטיש פאַרן פוטוריזם איז — די טיפע אומצופרידנקייט מיט דער פאַרגאַנגענהייט און דער פּראָטעסט

קענן דעם status quo. עס איז די פאָרמעלע סטאַם־בונטאַ־רישקײַט פונעם אומצופרידענעם קלײנבירגערלעכן אינטעליגענט, וואָס קאָן, אָפּהענגיק פון די קאָנקרעטע אומשטענדן, זיך ווענדן אַף רעכטס אָדער אַף לינקס.

דער גרונטשטריך פון פוטוריזם ליגט אין זײַן אָנגע־שטרענגטן אימפּעט, אין זײַן דינאַמיק. ער לײגט דעם טראָפּ אפן טעמפּ, אַף דער ראַאַשדיקער באַוועגונג, וואָס טרײַבט שטורמיש די געזעלשאַפט אין די אָרעמס פון דער באַפרײַענדיקער צו־קונפט. די בענקשאַפט טרײַבט אונטער די דינאַמיק: וויאָס גיכער, וואָס שטורמישער — אַלץ נעענטער צום ציל, אַלץ צוקונפטיקער, פוטוריסטישער.

דער טרעגער פון דער מאָדערנער אַנטוויקלונג איז די מאַשינען־טעכניק, דאָס פירט צום אַפּאָטעאָז פון מאַשיניזם און אינדוסטריאַליזם, צו ליובגעזאַנגען דעם עלעקטרישן שטראָם און דער וועלט־שטאָט.

דער פוטוריזם איז אין העכסטן זין אַקטיוויסטיש, פול אימ־פּעט פאָרויסצואײַלן דער ראַאַשדיקער מאָדערנער אנטוויקלונג. אָט דער דראַנג האָט געטריבן די פוטוריסטן גוויוער צו זײַן די טראַ־דיציאָנעלע ליטעראַרישע פאָרמען.

דעם פוטוריזם האָט געשטיקט דער בירגערלעכער לעבנ־שטײגער, זײַנע אָפּגעבליאַקעוועטע מעטאַפאָרעס, זײַן פאַרגליווערטע שפּראַך. דער בירגערלעכער ווערטער־אַרסענאַל האָט נישט פאַר־מאָגט די עלעמענטן, וואָס דער פוטוריזם האָט נויטיק געהאַט פאַרן אויסדרוק פון דער אינדוסטריעלער אײַלעניש און גרויס־שטעטישער יאָגעניש. די פאָדערונגען פון דער דינאַמיק האָבן געטריבן די פוטוריסטן צו באַנײַען דעם ווערטער־אוצער פון דער טראַדיציאָנעלער שפּראַך און אײַנצופירן ראַקורסיווע נײַע ווערטער־פאַרבינדונגען, וואָס דריקן בווּלעט אויס דעם אימפּעט־פולן ריטם פון דער צײַט.

דער פוטוריזם האָט זיך נישט געקאָנט באַגענוגענען מיט דעם „וועגעטאַטיוון" אויפן פון דער ביז־איצטיקער שפּראַך־אַנטוויק־לונג. ער האָט געשטרעבט אַרײַנצוטראָגן אין פּראָצעס פון דער

נייער וואָרטבילדונג באַוווּסטזיניקייט, פּלאַנמעסיקייט און ציל־שטרעביקייט.

קעדיי ארויסצובאַקומען פון דער אַלטער שפּראַך דעם מאַקסימום פאַר דער נייער שיינקייט פון גיך, האָבן די פוטוריסטן זיך פאַרטיפט אין דעם אנאַליז פון וואָרט, קלאַנג, אינטאָנאַציע און דיקציע. זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין דער אנאַליטישער צעזעצונג פון אָט די שפּראַך־עלעמענטן, קעדיי זיי דערנאָך צו קאָמבינירן לויט די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער דינאַמיק.

די שפּראַך איז באַרייכערט געוואָרן דורך נייע וואָרט־בילדונגען און קלאַנגען־פאַרבינדונגען. דער פוטוריזם האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ברייטער אָנווענדונג פון ראָשעטייוועס־קאָמבינאַציעס.

די אָביעקטן פון דער אינדוסטריעלער וועלט האָבן ארייננגעגאָסן אין די אַלטע שפּראַך־פורעמס פרישע זאַפטיקע בילדערייִקייט, אימאַזשיניסטישע פילפאַרביקייט און קלאַנגען־רייכקייט. דער באַוועגלעכער געגנשטאַנד איז געוואָרן דער אָרגאַניזירנדיקער צענטער פון דער גאַנצער זאַץ־בילדונג. אפילע אייגנשאַפטס־ווערטער זיינען געוואָרן פאַרגעגנשטאַנדלעכט.

דער פוטוריזם האָט ערנסט אָנגעהויבן צו שטודירן די שייכעס צווישן דעם זין און קלאַנג פון דעם וואָרט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער טעכנאָלאָגיע פון דער שפּראַך. ער האָט אָנגעהויבן צו באַנעמען דאָס וואָרט נישט נאָר אַלס אידעאָגראַפישע קאַטעגאָריע. ער האָט ריכטיק אויפגעפאַסט דאָס וואָרט אויך אַלס קלאַנגען־קאָמבינאַציע, וואָס דריקט אויס אַ קויכעס־דראַנג אין אַ באַשטימטער ריכטונג.

אָט די אָרגאַנישע שייכעס צווישן דעם וואָרט־קלאַנג און פסיכאָ־אידעאָלאָגישן אינהאַלט וויל דער פוטוריזם אויסנוצן, קעדיי אדעקוואַטער אויסצודריקן דעם נייעם דינאַמישן וועלטבאַנעם.

דער אינדיווידואַליסטישער אָפּצווייג פונעם פוטוריזם איז זיך פאַרקראָכן אין קלאַנגען־שפּילערייען, אין גראָטעסקע ווערטער־ און בילדער־קאָמבינאַציעס און אין „הינטער־מויעכדיקייט“ (заумие),

וואָס וייער עמעסער ציל איז געווען צו פּלאַפּן דעם בירגעלעכן סנאָב.

פון דער אנדער זייט, האָט דאָס געפירט צו קלאַנגען־שפּילעריי, צו שפּראַך־קוריאָזן און צו העפּקערדיקע ליטעראַרישע אויסגליטשן.

די פוטוריסטן האָבן געפּרוווט די ערשטע אָנווענדן אין דער ליטעראַטור דעם קאָנסטרוקטיוויסטישן פּרינציפּ.

דער בירגערלעך־אָריענטירטער פוטוריזם איז אָבער אין זיין קאָנסטרוקטיוויקייט נישט געגאַנגען ווייטער פון דער שפּראַכלעכער הילע. ער האָט באָמבאַרדירט די אַלטע וועלט מיט רעוואָלוציאָנערע וואָרטבילדונגען, זי אויפגערייצט דורך געלע יאַקן און טאַטוירטע פּענימער.

אין דעם בירגערלעכן פוטוריזם איז פאַראַן מער האַס קעגן דער פאַרגאַנגענהייט, ווי קלאָרע פאַרשטענדעניש פאַר דער צוקונפט.

ערשט ביי זיין וויטערדיקער דערנענטערונג צום אינדוסט־ריעלן פּראָלעטאַריאַט איז דער פוטוריזם געקומען צו א טיפערער און א מער פרוכטבאַרער אָנווענדונג פון דעם קאָנסטרוקטיוון פּרינציפּ און צו א פעסטערער באַהעפטונג פון ליטעראַרישן שאַפן מיט די רעוואָלוציאָנערע וועלטגעשעענישן.

דער פוטוריזם האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך די פּרינציפּיעלע פונאַנדערגרענעצונג פון קונסט און לעבן. ער האָט, פאַרקערט, געשטרעבט צו ברענגען אין צוזאַמענקלאַנג זיין שאַפן מיט די פּראָדוקטיווע פּראָצעסן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער קאָמפוטוריזם האָט זיך זעלנעריש געשטעלט אין דינסט פון דער אַרבעטער־באַפרייונג.

אַף אַזאַ אייפן, שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם פוטוריזם די גרענעץ־טקופע צווישן אינדיווידואַליזם און קאָלעקטיוויזם.

———

## d) טעאַטער.

אויך אַפן טעאַטער=געביט האָט דער קריזיס פון דער בירזשואַזער קולטור באַקומען זיין בוילעטן אויסדרוק. אויך דאָ האָט זיך אָפגעשפיגלט דער בירגערלעכער אָפגאַנג.

דער נאַטוראַליסטישער טעאַטער פונעם אופשטייג=פעריאָד האָט מיטן גרעסטן אימפעט געטריי איבערגעגעבן אַף דער סצענע די קלענסטע דעטאַלן פונעם בירגערלעכן לעבנשטייגער. דער ליטעראַרישער רעאַליזם האָט אויך די סצענע באַהערשט. דער ליטעראַט מיט זיינע מעטאָדן און פּראָבלעמען האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָליע אין דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס=גאַנג פון דעם בירגערלעכן טעאַטער. אויך די ליטעראַרישע ריכטונגען פונעם אָפגאַנג=פעריאָד האָבן איינע נאָך דער אַנדערער אַרופגעלייגט זייער בייל עטן שטעמפּל אַפן גוירל פון דעם טעאַטער. ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט און נישט געקאָנט וויזן פון דער סצענע דעם דראָענדיקן אונטערגאַנג. ווי די ליטעראַטור, אַזוי האָט אויך דער טעאַטער געשטרעבט זיך צו באַהאַלטן פון די שווערע קלעפּ, וואָס דאָס לעבן האָט צוגעגרייט פאַר דעם הערשנדיקן קלאַס.

אויך אַף דער סצענע האָט דער קלאַסישער רעאַליזם געמוזט אָפטרעטן זיין אָרט דעם דעקאַדאַנס=סימוואָליזם, אַלעגאָריזם, אימפּרעסיאָניזם.

אַנשטאָט האַנדלונג, הערשט איצט אַף דער בינע איר סוראָגאַט — די פּסיכאָלאָגישע „באַוועגונג“. די קראַפטפולע לעבעדיקע פיגורן זיינען פאַרביטן געוואָרן דורך בלוט=אָרעמע סימוואָלן און וואַסערדיקע אַלעגאָריעס (איבסען, אַנדרעעוו). די דראַמע איז ליטעראַריזירט געוואָרן. פּראָבלעמען און אידייען האָבן פאַרכאַפּט די אַוואַנסצענע און אָפּגעשטופּט אַפן הינטערגרינט די דיאַלעקטיק פון לעבנס=קאַמף.

אַפן יעסאָד פון אָט דעם אָפּגאַנג האָט אופגעריכט זיין דראַמאַטורגישן מאָנומענט איבסען.

איבסען איז פאַרכאַפּט פון דעם געזעלשאַפטלעכן אומרו פון זיין תקופה. אירע פּראָבלעמען עגבערן זיין מויעך, האַלטן זיין גע=

וויסן אין שטענדיקער שפּאַנונג. ער רעזאָנירט און מאָראַליזירט וועגן אַלע גרונט-פּראָבלעמעס פון דער טקופע און פון דעם זיך-פונאַנדערפאַלנדיקן לעבנשטייגער.

ווען נישט איבסענס באַדייטנדיקע פעיקייט צו סצענישער שטייגערונג, צום פאַרקניפּן און פונאַנדערקניפּן די דראַמאַטישע האַנדלונג, וואָלטן זיינע רעזאָנירנדיקע און מאָראַליזירנדיקע העלדן געבליבן טויטע סימוואָלן, אָן יעדער ווירקונג. ווייטער פון דעם צעזעצנדיקן אַנאַליז האָט דער אַנאַרכאָ-אינדיווידואַליזם פון דעם רעוואָלטירנדיקן קליינבירגער נישט געקענט פירן.

דער טעאַטער-סימוואָליזם איז ווידער אַ מאָל דאָס יעכי-דישע הייזעלע, אין וועלכער די שנעקע פאַרקריכט זיך פון דער אומפאַרשטענדלעך-„גרויזאַמער" ווירקלעכקייט.

און ווייל דער סימוואָליזם זעט נישט קיין קאָלעקטיוון אויסגאַנג פון דער נויט, ליגט אויף אים אויסגעשפּרייט אַ בלייער-נער פּעסימיזם.

ביי די עפּיגאָנען פונעם טעאַטראַלן פּעסימיזם, באַזונדערס, ביי ל. אַנדרעיעוו, האָבן אָט די אומבאַהאָלפן-רעוואָלטירנדיקע און אין טאָך פּעסימיסטישע טענדענצן נאָך מער אונטערגעשטראָכן די ווייטערדיקע סימוואָליסטישע יערידע פון טעאַטער.

דעם אויפגערודערטן בורזשואַ סאָף 19-טן און אָנהייב 20-טן יאָרהונדערט האָט נישט געקאָנט מער באַפרידיקן די קלאַסישע דראַמע פון מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן, דאָס רעזאָנירן אַרום דראַמאַ-טישן קאָנפליקט און דאָס דראַמאַטיזירן אַבסטראַקטע פּראָבלעמעס. עס האָבן אויך נישט געקענט באַרויקן זיין אויפגערודערטן גייסט די מיסטישע רעמאָזים פון אַ מעטערלינק, די גאַנצע אומפּרוכט-באַרע אַלעגאָריק און די איראַציאָנעל-פּאַכדאָנישע ראָמאַנטיק פון דער דעקאַדענטער מיסטיפיצירנדיקער דראַמאַטורגיע (האָפּמאַנ-סטאַל, וועדעקינד).

אַרויסרייסן דעם בירגער פון זיין טעמפּן גלייכגילט האָט נאָר געקאָנט די אינטענסיווע סצענישע באַוועגונג.

האָט געמוזט קומען דער טעאַטער פון דער געשטייגערטער דינאַמיק — גייסטיקער, פיזישער און טעכנישער. אָנשטאָט דעם

דינינקען פּאָדיום פון דער יעבידישער אינטריגע האָט די סצענע פאַרכאַפּט די שטורמיש־אופרודערנדיקע מאַסן־באַוועגונג (ר יי נ ה א ר ט).
דער קריזיס־טעאַטער רופט צו הילף דעם פילדערנדיקן צירק מיט אַלע זיינע אַטראַקציעס.

די האַנדלונג שפּילט זיך איצט אָפּ נישט אין איין פּלאַך און אין איין עטאַזש, נאָר גלייכצייטיק אַף אַ סאַך פלאַכן און מערערע עטאַזשן (מ יי ע ר ה א ל ד). די איינהייטלעכע האַנדלונג איז צעבראָכן געוואָרן אַף צאָלרייכע שפּליטערס. די קלאַסישע 5 אַקטן זיינען דורכדעם צעבראָקלט געוואָרן אין צענדליקער בילדער און סצענעס.

אויך דער פוטוריזם האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַף דער סצענע.
מ א ר י נ ע ט י דערקלערט אַלס אידעאַל פאַר דעם טעאַטער — דעם מוזיק־האָל, דעם עסטעטישן קאָלבוי, ווו עס ווערן קאָנצענטרירט די פאַרווייַלונג־שיראַים פון אַלע קונסט־פאָרמען. דעם אָרט פון קאָנקרעטן סיוזשעט זאָל דאָ פאַרנעמען אַ נאַרקאָטיזירנדיקער געמיש פון געניטע טריוקן און בלענדיקע קאַסקאַדן פון ליניעס, קלאַנגען און פאַרבן.

די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג האָט אינגאַנצן רעוואָלוציאָניזירט די בינע־טעכניק. די מאַשין האָט אָנגעהויבן דיקטירן דער דראַמאַטישער האַנדלונג איר טעמפּ (די דריי־בינע). פון דער סצענע רייסן זיך אין צושויער־רוים כוואַליעס פון ריטמיזירטן פאָרמען,־ליכט,־פאַרבן־און קלאַנגען־שפּיל.

דורך זייער פּסיכאָ־מאַטאָרישער ווירקונג העלפן זיי פאַרטרייבן דעם נאָגנדיקן אומרו פון דער דעקאַדאַנס־תקופה.

ניט גייסטיקע באַרייכערונג און פאַרטיפונג, נאָר עמאָציאָנעלע דערלייכטערונג, פאַרווייַלונג איז געוואָרן די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם אָפּגאַנג־טעאַטער. נישט דאָס פּראָבלעמאַטישע, נאָר דאָס קאַליידאָסקאָפּישע איז געוואָרן דער הויפּט־ציל פון דער בינע־קונסט. די לייכטע קאָמעדיע, דאָס פאַרסמעסיקע, דאָס וואָדעווילקע, דער גראָטעסק, רעוויו פאַרטרייבן הינטער די קוליסן דאָס טראַגישע, דאָס דראַמאַטישע.

די סאָציאַלע טראַגעדיע פון דעם בירגערטום נויטיקט זיך

איצט מער אין דער נאַרקאָטיזירנדיקער ווירקונג פון דעם שפּי־
לערישן קאָמיזם און גראָטעסקער קליינבינע.

די סאָציאַלע פונקציע פון דעם מאָדערניזירטן און מאַשיני־
זירטן טעאַטער דערמאָנט אונדז אין אַ סך פּראָטים די פריילע־
כע סודע אין דער צייט פון אַ מאַגייפע.

קינאָ. דער פאַרווײַלונג־טעאַטער האָט נישט געקענט בײַקו־
מען דעם בירגערלעכן אומרו. דער אוילאָם האָט דאָרטן נישט
געפונען זײַן דינאַמיק — דעם מאָמענטאַליזם פון דער שטורעמ־
דיקער גרויסשטאָט.

און דאָס, וואָס דער טעאַטער האָט נישט געקענט געבן,
האָט געגעבן זײַן דערפאָלגרײַכער קאָנקורענט — דער ק י נ אָ.

דאָס לעבן האָט ווײַט פאָרויסגעאײַלט, און דער טעאַטער
איז געבליבן אַלץ מער הינטערשטעליק: אין לעבן — דער
שטורעם־דראַנג פון קלאַסנקאַמף; אויף דער סצענע — לאַנגווײַליקע
געשפּרעכן און דיאַלאָגישע גלײַכווערטלעך.

איז דער טעאַטער אָפּגעשטאַנען פון לעבן, האָט זיך דאָס
לעבן אָפּגעקערט פון טעאַטער.

דאָס פאַרקלעמטע געפיל און די פּוסטקייט פון דעם מויעך
האָט געגאַרט נאָך נײַער פאַרווײַלונג, און די נײַע פאַרווײַלונג האָט
געשאַפן דעם קינאָ.

פּויזנדיקע שאָטנבילדער האָבן אָנגעהויבן אַלץ גיכער זיך צו באַוועגן
אויפן ווײַסן עקראַן. די מאַשין האָט אנגעיאָגט דעם גיכן לעבן־
שטראָם און האָט באַפרידיקט די בענקעניש נאָך באַוועגונג, נאָך
גיכקייט.

די ריטמען פון אינדוסטריאַליזם, וואָס דער טעאַטער איז
נישט בעקוועם געווען אויפצונעמען אין פולער מאָס, האָט דער
קינאָ פאַרוואַנדלט אין שטורמישע יאָגעניש און אײַלעניש פון די
אַמעריקאַניזירטע טריוק־בילדער און מעשונעדיקסטע אוואַנטיורע־
פילמען.

און דאָך זײַנען דאָס געבליבן טויטע, שטומע, קאַלטע
שאָטנבילדער.

באַלד אָבער האָט דער שטומער בילד זײַן לאָשן באַקומען.

דער קינאָ האָט אנגעהויבן ליארעמען, שטאַמלען, זינגען. און אינ־ניבן האָט די שטומע באַוועגונג געפונען איר שפּראַכלעכן אין טאָנאַלן עקוויוואלענט.

דער קלינגענדיקער און רייצנדיקער פילם האָט איבערגע־לאָזן הינטער זיך דעם פאריאָסעמטן, אים נאָכהינקענדיקן טעאַטער.

אין דער איבערגאַנג־צייט, בײַם די גרויסע ערנסטע קונסט פון דעם בירגערלעכן קלאַסיציזם איז געשטאָרבן, און די נײַע מעכטיקע קונסט פון דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך נאָך נישט אויסגעפורעמט, — האָט דער קינאָ דערפילט אַ באַדייטנדיקע סאָציאַלע פונקציע: ער האָט פאַרייניקט אין זיך דעם טעאַטער, דעם ראָמאַן, די צייטונג־סענסאַציע, — ער האָט אויס־געפילט די פוסטקייט פון אַ שווערן קריטישן בײַן־האַשמאָשעס.

---

## 3. קריטיק פון דער בירגערלעכער אָפּגאַנג־קונסט.

יעדער קריזיס, אויך דער קולטור־ און קונסט־קריזיס אַנט־וויקלט זיך לויט די געזעצן פון דיאַלעקטיק. אין דער קונסט איז דער בירגערלעכער אָפּגאַנג אָנגעזאָגט געוואָרן דורך דעם דעקא־דאַנס־אימפּרעסיאָניזם — דער אָרעמקייט־ און באַנקראָט־דער־קלערונג פון דער בורזשואַזיע.

אָבער באַלד רײַסט זיך אריין אין דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס די אופמונטערנדיקע שטים פון דעם אַרבעטער־קלאַס — דעם קלאַסנקעגנער פון דער בורזשואַזיע. דער עקספּרעסיאָניזם, פוטוריזם און קוביזם — די אַנטיטעזע פון דעקאַדאַנס־אימפּרעסיאָניזם — שטעלן מיט זיך פאָר אַ געפלעכט פון בירגערלעכע און פּראָלע־טאַרישע עלעמענטן. די נײַע קונסט־פּרווון און־ ריכטונגען בילדן דעם יעסאָד פאַר דעם קינסטלערישן סינטעז — דעם קראַפט־פולן שאַפערישן קאָנסטרוקטיוויזם.

אזוי בײַטן אָפּ איינע די אַנדערע אין דיאַלעקטישן גאַנג די קונסטריכטונגען פון בירגערלעכן אָפּגאַנג.

פונקט ווי זייער אַנטוויקלונגס־גאַנג, אַזוי ווערט אויך זייער סאָציאַלע פונקציע כאַראַקטעריזירט דורך אינעווייניקסטע סטירעס.

די סאָציאַלע פונקציע פון די קונסט-זוכענישן אין דער טקופע פונעם בירגערלעכן אָפּגאַנג ווערט באַשטימט דורך דעם, וועלכע עמאָציעס ווערן דערמוטיקט און אָרגאַניזירט דורך די קונסטווערק פון דער געגעבענער ריכטונג. אַף וויפיל די עקספּרעסיאָניסטישע, פוטוריסטישע און קוביסטישע ריכטונגען אין דער קונסט האָבן געווירקט צעזעצנדיק אַף די פּאַרגליווערטע, עסטעטישע אופאַסונגען פון דער אָפּשטאַרבנדיקער בירגערלעכער וועלט און אַף וויפיל זיי זיינען דער עסטעטישער אויסדרוק פון געזעלשאַפטלעכע פּראָטעסט-שטימונגען קעגן דער בורזשואַזער הער-שאַפט, — קאָנען זיי באַצייכנט ווערן, אַלס מיטלויפער-ריכטונגען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אַף וויפיל אָבער אָט די קונסטווערק זיינען מער אַ פּראָדוקט פון דעם זיך-פונאַנדערפאַלנדיקן בירגערלעכן לעבנסגעפיל, פון קאָמפּעסיק-ראַציאָנאַליסטישע קאָמבינאַציעס און נישט קיין אויסדרוק פון אַן אינטעגראַלן נייעם לעבנסגעפיל, אַף וויפיל זיי זיינען מער קונצשטיק, ווי קונסטווערק, — זיינען די קונסטריכטונגען אַ קאָשער קינד פון דער זיך-עלטערנדיקער בורזשואַזיע און זיי באַגלייטן דעם בירגערלעכן סנאָב אין זיין סאָציאַלער און עסטעטישער יערידע.

אַלס אויסדרוק פון דער בירגערלעכער צעפוילונג-פּראָצעס קאָנען אָט די אָנגערופענע קונסט-ריכטונגען נישט האָבן קיין אָרגאַנישע שייכעס צו די ברייטע וועלט-באַנייענדיקע מאַסן.

ערשט דער פולער ניצאָכן פונעם פּראָלעטאַריאַט עפנט דעם וועג פאַר דער באַנייטער און באַפרייטער קונסט-שאַפונג. אין נאָר די קונסט, וואָס ווערט געבאָרן אין די רייען פון דער סאָציאַל-פּאָליטיש באַפרייטער אַרבעטערשאַפט און איז דורכגע-פלאָכטן מיט אירע קאָנקרעטע איבערלעבונגען, אידייען, שטימונגען און באַדערפענישן, קאָן אַדעקוואַט אויסדריקן דעם *שאַפערישן* *קאָנסטרוקטיוון* כאַראַקטער פון דער אָנקומענדיקער קאָלעקטיוויסטישער טקופע.

———

## 4. וויסנשאפט.

דער היסטאָרישער אָפּגאַנג פֿון דער בורזשואַזיע האָט אויך אין דער אידייען־וועלט אַרויסגערופֿן אַ ריי דעגענעראַציע־און יע־רידע־פּראָצעסן.

אין דער 2־טער העלפֿט פֿון 19־טן און אָנהייב 20־טן יאָרהונ־דערט האָבן זיך די בורזשואַזע דענקער אַלץ ווייטער אָפּגערוקט פֿון די מאַטעריאַליסטישע און פּאָזיטיוויסטישע גרונט־יעסוידעס.

די אָביעקטיווע לאָגיק פֿון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג האָט וואָס ווייטער אַלץ מער געפֿונען איר בוילעטע פֿאַרקערפּע־רונג אינעם פּראָלעטאַריאַט, אין זיינע קלאַסן־אינטערעסן און קלאַסנ־אידעאָלאָגיע.

אין דער רעוואָלוציקער מאָס איז די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָ־גיע אַלץ אָרגאַנישער דורכגעפֿלאָכטן און דורכגענומען געוואָרן דורך די פּרינציפּן פֿון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

אָט די רעוואָלוציקע דיאַלעקטיק האָט אין האַרטן סאָציאַלן קאַמף געטריבן די בורזשואַזיע וואָס ווייטער אַלץ מער אין די אָרעמס פֿון דער מעטאַפֿיזיש־אידעאַליסטישער רעאַקציע.

די אויפֿטרייסלונג פֿון איר קלאַסנהערשאַפֿט און דער גיכער היסטאָרישער באַרג־אַראָפּ האָט אָפּגענומען ביי דער בורזשואַזיע דעם אינטערעס צו דער סאָציאַלער און קאָסמישער רעאַליטעט. די בורזשואַזיע האָט, פֿאַרקערט, באַקומען אַ בוילעטן אינטערעס נישט אויפֿצוקלערן, נאָר צו פֿאַרנעפּלען די אָביעקטיווע פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר מיט דער מענטשהייט אין דער וועלט און מיט דער וועלט אַרום דער מענטשהייט.

פֿאַרוקט אין אַ טעמפּן ווינקל פֿון אַ היסטאָרישער פּערס־פּעקטיוולאָזיקייט, האָבן די בורזשואַזע דענקער פֿאַרלאָרן יעדע פֿע־יקייט פֿון פֿרייען זעלבסטשטענדיקן אידייען־אַנאַליז און אידייען־סינטעז. קיין איין עמעס־פֿרייען גרויסן דענקער האָט די בורזשואַ־זיע אין ד ע ר טקופֿע נישט אַרויסגערוקט. מען האָט נאָר מאַלע־גייערט די אַלטע גרונט־פּרינציפּן, זיי אויפֿגעפֿרישט און צונויפֿגע־שטופּקעוועט אין קלוימערשט נייע ספּעקולאַטיווע קאָמבינאַציעס.

אונטערן געפילדער „צוריק צו קאַנט“, האָט מען געפּרוּווט פון אומעטום אויסראָטן די לעצטע רעשטן פון דעם אמאָליקן מאַטעריאַליזם און אַרופוואַרפן אף אַלע ספערן פון מענטשלעכן געדאַנק דעם אידעאַליסטישן נעפּל — דעם נעאָ־קאַנטיאַניזם.

בערגסאָנס אינטויטיוויזם שטעלט מיט זיך פאָר אַן אידעאַליסטישע פאַרקריפּלונג פון דעם עוואָלוציע־געדאַנק און אַ סעקולאַריזירטע פאַרמולירונג פונעם קאַטוילישן מיסטיציזם.

די האַרבע ווירקלעכקייט טרייבט אומעטום דעם פאַרצווייפלטן בירגערלעכן געדאַנק סאָפקאָלסאָף צו זיין לעצטער „טרייסט“ — אין דעם „געטלעכן“ זומפּ אריין. מען גראָבט ווידער ארויס פון אַלע וועלט־ווינקעלעך די שוין האַלב־פאַרגעסענע געטער. ארום דעם צעטרייסלטן טראָן פון מאָלאָך בויט מען פיבערהאַפט צענדליקע נייע טראָנדעלעך. אָט האָט מען אַף אײנעם פון זיי אַריפּגעשלעפּט דעם אַלטן בודאַ, דעם גאָט פון נירוואַנאַ, פון ניט־טאָן, פון ניט־קעמפן. עפּשער וועט דאָס אָפּווענדן די געפאַר?

דאָס איז דער טאַמצים פון גראַף קייזערלינגס פילאָסאָפיע, פון זיין קלעריקאַלן מיסטיציזם.

דאָס זיינען אָבער אַלץ שוואַכע רעפואָס. זיי פאַרטרייבן נישט דעם פּאַכער. די טעמפּן פון דעם אָפּגאַנג זיינען צו גיך, און דער נאָגנדיקער פאַרגעפיל פון דעם נאָענטן אונטערגאַנג רופט ארויס דעם פעסימיזם פון ענדגילטיקער פאַרצווייפלונג, אַלס גרונט־טאָן פון דער בירגערלעכער וועלט־אַנטוישונג.

קיין קלאַס איז נישט בעקוועם שאָלעם צו מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז ער גייט אונטער און די וועלט וועט בלייבן און זיך ווייטער אַנטוויקלען. אויך די אונטערגייענדיקע בורזשואַזיע האָט פּראָקלאַמירט, אַז די קולטור־וועלט גייט צו גרונט. דאָס דער־קלערט דעם שטאַרקן אָפּקלאַנג, וואָס דער שפּענגלעריזם האָט געפונען אין דער בירגערלעכער וועלט. מיר באַגעגענען זיך דאָ מיט די בוילעטסטע סימאָנים פון דער אידעישער יערידע. זיי כאַראַקטעריזירן גענוג קלאָר דעם אינטעלעקטועלן צעפאַל פון דער בירגערלעכער וועלט.

אינעם סאָציאַלן געראַנגל האָט די בורזשואַזיע אויסגעאַרבעט

אן אײגענע אידעאָלאָגישע סיסטעם, װאָס איז באַרופֿן העלפֿן דער בורזשואַזיע צו דערגרײכן און אײנצוהאַלטן איר הערשאַפֿט איבער דער געזעלשאַפֿט.

אין דערזעלביקער צײַט אָבער שטרעבט די בורזשואַזיע אונטערצוגראָבן דעם אױסגעהאַלטענעם אידעאָלאָגישן סיסטעם פֿון איר קלאַסנסװינע — דעם פּראָלעטאַריאַט.

דער נעאָ־קאַנטיאַניזם האָט געקענט האָבן אן אײנפֿלוס נאָר אױף די קלײנבירגערלעכע אינטעליגענטישע מיטלױפֿער־קרײַזן אין דער פּעריפֿעריע פֿון דער פּראָלעטאַרישער האַשפּאָע.

א װײַטערדיקן פּרוּװ אונטערצוגראָבן די יעסױדעס פֿון דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם שטעלן מיט זיך פֿאָר דער ע מ פּ י ־ ר י אָ מ אָ נ י ז ם און דער ע מ פּ י ר י אָ ק ר י ט י צ י ז ם. אָט די אידעאָלאָגישע ריכטונגען שטיצן זיך אױף מ א כ ס און א װ ע נ אַ ר י ו ס אידעאַליסטישן אַפּאָפּעאָז פֿון דער מענטשלעכער דערפֿאַרונג.

אנשטאָט דער דיאַלעקטישער אײנהײט פֿון אָביעקטיװער רעאַליטעט און סוביעקטיװער דערפֿאַרונג װערט דאָ אױפֿגעשטעלט דער פּרימאַט פֿון דער מעטאַפֿיזיש־אידעאַליזירטער דערפֿאַרונג: נישט די דערפֿאַרונג פֿאַרן מענטשן, נאָר דער מענטש פֿאַר דער דערפֿאַרונג.

דער עמפּיריאָמאָניזם און עמפּיריאָקריטיציזם שטעלן מיט זיך פֿאָר אידעישע פּרוּװן פֿון דער בורזשואַזיע אױעקצושטעלן דעם דיאַלעקטישן מאַרקסיזם װידער א מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ.

דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָבער מיט זײַן קלאָרן קלאַסנבוש דערשפּירט די עמיסאַרן־ראָליע פֿון אָט די אים פֿײַנטלעכע אידעאָלאָגיעס און האָט זײ קאַטעגאָריש אָפּגעװאָרפֿן.

———

אױך דער טעאָרעטיקער פֿון דעם קלײנבירגערלעכן אױסטראָ־מאַרקסיזם אָטאָ ב ױ ע ר האָט אַרײַנגעפּלאָכטן זײַן שטים אין דעם אַלגעמײן־בירגערלעכן כאָר פֿון יעלאָלעס און קלאָלעס קעגן דער אומבאַראַכמאָנעסדיקער מאַשין, װאָס האָט „פֿאַרשקלאַפֿט“ דעם „פֿרײַען“ גײַסט פֿונעם יעכידישן אינטעליגענט.

די בורזשואַזיע האָט געלײגט דעם גרונטשטײן פאַר דער אַנטװיקלונג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע. דער אינדוסטריאַליזם האָט אױפֿגעשטעלט פאַר דער װיסנשאַפֿטלעכער פאָרשונג אַ רײ װיכטיקע פּראָבלעמען פון טעכנישער נאַטור־באַהערשונג, װאָס זײנען צום טײל געלײזט געװאָרן שױן אין דער צײט פונעם בורזשואַזן אָפּגאַנג.

אין דער געשטאַלט פון דער מאָדערנער אינדוסטריע האָט די בורזשואַזיע אַרױסגערופן אַ קױעך, װאָס איז איר װײט איבערגעװאַקסן. די קאָנזעקװענטע אָנװענדונג פון אָט די װיסנשאַפֿטלעכע דערגרײכונגען פירן אומפאַרמײדלעך צו דער אונטערגראָבונג פון דער קלאַסנהערשאַפֿט בכלל. שטרעבט די בורזשואַזיע אַנטקעגנצוװירקן אָט דער טענדענץ דורך איר אַלטן קלײזאַין — דורך איר אידעאַליסטישן דואַליזם. מען טײלט אײן די װיסנשאַפֿטן אין צװײ „גרונטפאַרשײדענע" געביטן: נאַטור־װיסנשאַפֿט, װו עס הערשט *קאַוזאַליטעט*, דעטערמיניזם, און די אַזױ גערופֿענע „גײסטעס"־װיסנשאַפֿטן (אײנגעשלאָסן, פאַרשטײט זיך, אױך די סאָציאַלע װיסנשאַפֿטן), װו עס הערשט קלױמערשטע *טעלעאָלאָגיע* — פרײער מענטשלעכער װילן.

קאָנען, הײסט עס, די נאַטורװיסנשאַפֿטן זיך נאָך װי־ניט־איז װײטער אָריענטירן אַפֿן מאַטעריאַליזם. דערפאַר שטרעבט די בורזשואַזיע, פון דער אַנדער זײט, אָט די װירקונג צו פּאַראַליזירן דורך אַ 100־פּראָצענטיקן מעטאַפיזישן אידעאַליזם אין די „גײסט"־װיסנשאַפֿטן.

אַזױ זײנען אָט די „הומאַניטאַרע" װיסנשאַפֿטן פון דער בורזשואַזיע באַרופֿן צו לעשן דעם פײער, װאָס װערט קעגן איר װילן אונטערגעהאַלטן דורך די דערגרײכונגען פון די נאַטורװיסנשאַפֿטן.

די װיסנשאַפֿט אין דער תקופֿה פון דעם בירגערלעכן אָפּגאַנג איז פול מיט אינעװײניקסטע סתירות. פון אײן זײט, איז איר סאָציאַלע פונקציע און דירעקטער ציל געװען — אומיטלבאַר באַדינען דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין זײנע מאַמאָשעסדיקע קאָנקרעטע טאָג־טעגלעכע אױפֿגאַבן, און אַף אַזױפיל איז די בירגער־

נערלעכע וויסנשאַפט געווען שמאָל־פּראַקטיציסטיש, ענג ספּעציאַ־ליזירט, אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און פון דעם קולטור־בּיניען בּיכלאַל. די ספּעציאַליזאַציע איז דער־פירט געוואָרן בּיז צו קאַריקאַטורמעסיקע פאָרמען.

עס איז איבּערגעריסן געוואָרן דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער וויסנשאַפטלעכער איינצלפאָרשונג מיט דעם קאָלעקטיוון לעבּן. און דעריבּער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די קעגנזייטיקע בּאַהעפ־טונג פון די איינצעלנע ספּעציאַל־וויסנשאַפטן.

פון דער אַנדערער זייט, איז איר ווייטערדיקער און דירעקט־טער ציל און „העכערע" סאָציאַלע פונקציעס בּאַשטאַנען אין פאַרנעפּלען און דעזאָרגאַניזירן דעם וועלטקוק און וועלט־בּאַנעם פון די בּרייטע מאַסן. און אַף אַזויפיל איז די בּורזשואַזע וויסנ־שאַפט מעטאַפיזיש אַבּסטראַקט, אָפּגעריסן פון די קאָנקרעטע לעבּנס־בּאַדינגונגען, איינגעשלאָסן אין די ראַמען פון אַ בּאַגרע־נעצטער קאַסטע. זי איז שווער פאַרדייַלעך, נישט צוגענגלעך פאַרן „פּאָשעטן" מענטשן — אַ געהיים־וויסנשאַפט פון פּריווילע־גירטע פאַר פּריווילעגירטע.

די אויסגעשפּראָכענע קלאַסנפונקציע פון איר גאַנצער וויסנ־שאַפטלעכער טעטיקייט שטרעבּט די בּורזשואַזיע צו פאַרשטעלן פאַר די בּרייטע מאַסן מיטן פייגנבּלאַט פון דעם קלוימערשטן איין־איינציקן, אָבּיעקטיוון, אַבּסאָלוטן עמעס, וואָס איז, אין טאָך גענומען, ווידער אַ מאָל נאָר די פּראָיעקציע פון דעם מעטאַפיזישן גאָט אין דער ספערע פון וויסנשאַפט.

אָבּער אויך אין דער אַנטוויקלונג פון די נאַטורוויסנשאַפטן ווייזט זיך אַרויס דיזעלבּיקע סטירע, וואָס כאַראַקטעריזירט די בּירגערלעכע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג בּיכלאַל. אויך די נאַטור־וויסנשאַפט ווערט פון דעם בּירגערטום אויסגענוצט, אַלס אַ קליי־זאַין פון איר קלאַסנהערשאַפט. אַף וויפיל די נאַטורוויסנשאַפטן האָבּן מיטגעהאָלפן דעם איקער־ציל פון דער בּורזשואַזיע — דער פאַרמערונג פון רעווח, — האָט די בּורזשואַזיע מיטגעהאָלפן איר אַנטוויקלונג. אָבּער ווו נאָר עס בּאַווייזט זיך אַ סטירע צווישן דעם וווקס פון די פּראָדוקטיווע קויכעס און די אינטערעסן פון רעווח,

ברענגט די בורזשואזיע שטענדיק די פּראָדוקטיווע קויכעס פאַר אַ קאָרבן דעם רעווועך. און אַזוי איז עס אויך מיט די נאַטורוויסנשאַפטן, וועמעס איקער=אויפגאַבע איז אין דעם אויפגאַנג=פּעריאָד באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן די פּראָדוקטיווע קויכעס. די ציל=איינשטעלונג פון דער בירגערלעכער וויסנשאַפט, אירע פאָרשונגס־מעטאָדן, אירע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען, אירע אַנשטאַלטן, קאַדרען, — אַליין איז אונטערגעוואָרפן דעם העכסטן ציל—פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַליסטישן מערווערט, אָפּהיטן די וועלטהערשאַפט פון קאַפּיטאַל.

די סטימולן צום פאָרשן זיינען יעכידישע, עגאָיסטישע. פאַר דער וויסנשאַפט ווערן אַוועקגעשטעלט און געלייזט קוידעמקאָל די פּראָבלעמען, וואָס ווערן אין געגעבענעם מאָמענט דיקטירט דורך די קלאַסן=אינטערעסן פון דער בורזשואזיע.

די פּרוכטבאַרסטע אידייען ווערן איגנאָרירט און אונטערדריקט, אויב זיי זיינען קעגן אָט די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע. טויזנטער דערפינדונגען פון דער גרעסטער באַדייטונג פאַר דער מענטשהייט ווערן סיסטעמאַטיש פאַרניכטעט, אויב זיי דרויען צו פאַרמינערן דעם רעווועך.

די אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין דער בירגערלעכער עקאָנאָמיק, כאַראַקטעריזירט אויך די בורזשואַזע וויסנשאַפטן. די פאָרשונג=אימפּולסן, וואָס קומען פון איינצעלנע אונטערנעמונגען און צווייגן, ווערן אין קיין פראַט נישט אָרגאַניזירט דורך אַ וועלכן=ניט=איז איינהייטלעכן פּלאַן.

אַף וויפּיל די טרעסטירונג פונעם קאַפּיטאַל לאָזט צו אַ געוויסע פאַראיינהייטלעכונג אויך אַף דעם וויסנשאַפטלעכן געביט, נעמט זי אָן די פאָרמען פון אַ פאַרקריפּלטער ראַציאָנאַליזאַציע. עס איז אַ קאַריקאַטור פון אַ פּלאַנמעסיקער פאָרשונג, ווייל זי ווערט איינגעאַרבעט אין די אינטערעסן פון אַ קליקע און נישט לויט די באַדערפענישן פון דעם קאָלעקטיוו.

אומצאָליקע זאָמען פון אַרבעטער=איניציאַטיוו, וואָס באַרייכערן די וויסנשאַפט, ווערן דאָ סיסטעמאַטיש אויסגעראָטן.

דער טיפער ווידערשפּרוך צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָ=

דוקטיווע קויכעס, פֿון איין זייט, און די קלאַסן־אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע, פֿון דער אַנדער זייט, האָט געמוזט אַרייסרייפּן דעם שווערן קריזיס אַף אַלע געביטן פֿון וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג.

פֿון איין זייט, שטייען פֿאַר דער געזעלשאַפֿט אין אַן אַלץ וואַקסנדיקער צאָל קאָלאָסאַלע פּראָבלעמען פֿון וויסנשאַפֿטלעכער נאַטור־באַהערשונג און וויסנשאַפֿטלעכער ראַציאָנאַליזירונג פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. פֿון דער אַנדער זייט, האָט דער קאַפּיטאַליזם מוירע צו פֿאַרגרעסערן די צאָל וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשער און אינטעליגענטע פּראָפֿעסיעס. אייך דאָ האָט די קאַפּיטאַליסטישע אַנאַרכיע זיך אַרויסגעוויזן אין דער קלוימערשטער „איבערפּראָדוקציע“ פֿון דער אינטעליגענץ, ד. ה. זי האָט אַרויסגעוויזן איר אומפֿעיקייט ראַציאָנעל איינצונוצן די פֿון איר אַליין אַרויסגערופֿענע קויכעס.

דעם בורזשואַזן דואַליזם פֿון מאַטעריע און גייסט אַנטשפּרעכט אַף דעם געביט דער בורזשואַזער קאָנפֿליקט צווישן אינטעלעקט און אַרבעט, צווישן אינטעליגענץ און אַרבעטערשאַפֿט.

אַזוי ווערן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער טאָג־טעגלעך פֿאַרגרעסערט די קאַדרען פֿון אַרבעטלאָזע וויסנשאַפֿטלער, בײַם די געזעלשאַפֿט און די אַרבעטלאָזע מאַסן נויטיקן זיך אַזוי אין דער פּלאַנמעסיק־אָרגאַניזירנדיקער אַרבעט פֿון וויסנשאַפֿטלעך־געשולטע ספּעציאַליסטן־פֿאַכלייט.

אַזוי פּאַראַליזירט די דיקטאַטור פֿון קאַפּיטאַל, ווי אַ צוואַנג־העמד, דעם וויסנשאַפֿטלעכן געדאַנק אין אַלע געביטן.

דער סאָציאַליזם, וואָס וועט באַפֿרייען די אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון קאַפּיטאַליסטישן יאָך, וועט אויך פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג אַראָפּרייסן די קייטן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ציל־איינשטעלונג.

———

## 5. די פאשיסטישע דיקטאטור פון קאפיטאל.

דער בורזשואזער אָפגאנג ווערט באגלייט דורך א מוירעדי-קער פארשארפונג פון די קלאסן־קעגנזאצן. דער פארשטארקטער אָנגריף פונעם פראָלעטאריאט האָט אונטערגעגראָבן אין דער פסיכיק פון די ברייטסטע מאסן דעם פעטישיזם פון דער קאפי-טאליסטישער מעלוכע. דאָס האָט געצווונגען די בורזשואזיע אופ-צוהערן איר צווייעסדיקן שפיל אין דעמאָקראטיע און פארלאמענ-טאריזם און אליין אנטשיידענער איבערצוגיין צו דער אָפן-פאשיס-טישער דיקטאטור.

די בורזשואזיע האָט פארלאָרן איר גלויבן אין דער צוקונפט, און צוזאמען דערמיט האָבן זיך אָנגעהויבן טרייסלען אלע אירע טראדיציעס: פאָליטישע, געזעלשאפטלעכע, מאָראלישע.

ביים א קלאס גלויבט נישט מער אין זיין מאָרגן, פאר-שווינדט יעדע קלאָרע ציל-איינשטעלונג, יעדער פאָזיטיווער אופבוי-פראָגראם.

דער בוי-פראָיעקט פון א נייער געזעלשאפטלעכער אָרדע-נונג, מיט וועלכער די בורזשואזיע איז אופגעטראָטן אף דער היסטאָרישער ארענע, איז שוין לאנג אויסגעפילט געוואָרן, און דער בינין אליין איז שוין צעטרייסלט אין זיינע יעסוידעס. נישטאָ מער קיין אימפעט צו בויען. עס קלעקט אפילע נישט פאר די נויטווענדיקסטע רעמאָנטן.

פאר יעדן פרייז באהאלטן דעם סטאטוס-קוואָ, בלייבן ביי דער מאכט כאָטש נאָך אף א רעגע,—דאָס ווערט דער העכסטער פאָליטישער פרינציפ פון דער אָפשטארבנדיקער בורזשואזיע. פון וועלכער-ניט-איז אויסגעהאלטענער פאָליטישער ליניע קאָן שוין מער קיין רייד נישט זיין. דער פאכעד פארן אומפארמיידלעכן סאָף טרייבט די הערשנדיקע קליקעס פון איין עקספערימענט צום צווייטן, פון רעאקציאָנערן אָנגריף צום פאכראָנישן אָפטרעטן.

ביסלעכווייז ווערט ביי דער בורזשואזיע אָפגעטויט דער ווילן צו מאכט. נאָר איינצעלנע הייפלעך פריווילעגירטע קליקעס קלאָ-מערן זיך אָן דער מאכט און שטעלן זיך פאר קיין מיטל נישט

אָפּ, קעדיי די מאַכט פאַר זיך איינצוהאַלטן. אין אַזוינע צייטן פונעם אָפּגעשוואַכטן קלאַסנווילן קאָן זיך ברייט פונאַנדערבליען דער אַוואַנטיוריזם פון קליקעס און יעכידים. דער איינגעשלעפערטער ווילן צו מאַכט קלאַמערט זיך אָן דעם פּאָליטישן אימפּעט פון דעם אַוואַנטיוריסטישן יאָכיד, פון דעם קאַליף אַף אַ רעגע. דער אַפּאָפּעאָז פון דעם „שטאַרקן מאַן" ווערט די כוט-האשעדרע פון דער בירגערלעכער פּאָליטיק אין דער פאַשיסטישער טקופע.

פריער האָט די בורזשואַזיע אַרויסגערוקט פאַר די מאַסן דעם פעטישיזם פון אייגנטום, מעלוכע און קירך. איצט, נאָכדעם ווי דער פאַרשאַרפטער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט האָט אויפגעדעקט פאַר די מאַסן אָט די אַלע פעטישיזמען, קערט זיך די בורזשואַזיע ווידער אום צום אַבסאָלוטיסטישן פעטישיזם, וואָס זי האָט אין איר יוגנטלעכן דראַנג אַליין אויפגעדעקט. צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, רוקט זי אַרויס פאַר די מאַסן דעם פעטישיזם פון דעם „איבערמענטש"-פירער, פון דעם איינציקן, אָנפעלערדיקן, וועמעס ווונק איז פּראָגראַם און וועמעס וואָרט איז — אייזערנער געזעץ. נאָר נישט אַליין טראַכטן, נאָר נישט דאַרפן אַליין באַשליסן.

נאָר פונקט ווי עס האָט נישט אָפּגעשטעלט דעם בורזשואַזן צעפאַל דער גאָט אַפן הימל און דער גאָט אַפן אַלטאַר, אַזוי איז אויך נישט בעקויעך אָפּצושטעלן איר גסיסע-פּראָצעס דער „געטלעכער" פירער, דער אין טאָך פּרינציפּלאָזער געשעפט-פירער פון דער זיך-ליקווידירנדיקער אַליוועלטלעכער אַקציען-געזעלשאַפט אונטער דער פירמע „קאַפּיטאַליזם".

עס נעענטערט זיך דער לעצטער אַקט פון דער וועלט-היסטאָרישער דראַמע. עס קראַכט פון באַנקראָטן די בירגערלעכע וועלט. פון אומעטום קריכט דער קריזיס און קריצט מיט די צעקרישלטע ציין. די העגעמאָניע אין דער וועלט גייט איבער צום פּראָלעטאַריאַט.

———

# III. דער באַגינען פון דער סאָציאַליסטישער קולטור.

## 1. דער קאָלעקטיוויסטישער וועלט=באַנעם.

באַטראַכטן מיר די קולטור פון דעם בירגערלעכן אויפשטייג, אַלס טעזיס, און די קולטור פון דעם בירגערלעכן אָפּגאַנג, אַלס אַנטיטעזיס, — קאָן די קולטור פונעם סאָציאַליסטישן באַגינען באַצייכנט ווערן, אַלס סינטעז.

אינדיווידואַליסטישער רעאַליזם, פאַרניינט דורכן אינדיווידואַליסטישן אימפּרעסיאָ=עקספּרעסיאָניזם, דערהייבט זיך צום קאָלעקטיייסטיש=קאָנסטרוקטיוון רעאַליזם. דער קאָלעקטיוויזירטער אַרבעט=פּראָצעס אויפן יסאָד פון דער העכסט=אַנטוויקלטער מאַשינען=טעכניק און וויסנשאַפטלעך=ראַציאָנאַליזירטע אַרבעט=מעטאָדן ווערט דער פונדאַמענט פון דעם נייעם קאָלעקטיוויסטישן וועלט=באַנעם. די סאָציאַל=עקאָנאָמישע רעאַליטעט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטגעמיינשאַפט איז אין גרונט פאַרשידן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט. דעריבער האָט דער רעאַליזם פון דער סאָציאַליסטישער קולטור גאָר אַן אַנדער פּסיכאָ=אידעאָלאָגישן אינהאַלט, ווי דער יעבידיש=בורזשואַזער רעאַליזם.

דער מענטש הערט אויף זיך צו פילן, ווי אַן איינזאַם באַשעפעניש, אַרומגערינגלט דורך פרעמדע און פיינטלעכע קוויכעס סיי אין דער נאַטור סיי אין דער געזעלשאַפט. דער אימבאַהאָלפענער איינזאַמער „איך" פלעכט זיך אָרגאַניש אַריין אין קאָלעקטיוון „מיר". אנשטאָט די פאַרגיפטנדיקע סטימולן פון קאָנקורענץ,

קינע און סינע, ווערן די טרייבנדיקע קויכעס פונעם מענטשלעכן שאַפן — צוזאַמענאַרבעט, מיטגעפיל, סאָלידאַריטעט. דער באַגריף „מענטשהייט“, וואָס האָט פאַרן בירגערטום קיין שום קאָנקרעטן אינהאַלט נישט געהאַט און איז פון דעם צוויעסדיק=בירגערלעכן פאַציפיזם אויסגענוצט געוואָרן, אַלס דעקמאַנטל פאַר דער נאַציאָנאַליסטישער פעלקער=העצע, — באַקומט בלוט און פלייש דורך דעם קאָלעקטיוויזם, דורך זיין סאָציאַלער און פסיכאָ=אידעאָלאָגישער ווירקלעכקייט.

נאָך דעם אראָפּרייסן פון די קלאסן=מעכיצעס פאַרשווינדט אויך דער טהאָם, וואָס ליגט אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט צווישן מענטש און מענטשהייט. יעדער יאָכיד שפירט אין זיך דעם דייפעק פון דער קאָלעקטיוו=אָרגאַניזירטער מענטשהייט.

ביי דער פאַקטישער אָנמעכטיקייט פון דעם מענטשן לעגאַבע די נאַטור=קויכעס אין דער קלאסנגעזעלשאַפט איז באַלגייוויש=נאַריש די פאָרשטעלונג וועגן מענטשן, אַלס „מיילעך“ איבער דער נאַטור.

ערשט אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט באַנעמט דער מענטש זיין אָרגאַנישע צונויפגעבונדנקייט מיטן קאָסמאָס און שעפּט פון דעם באַוווּסטזיין זיינע מאַכט=און שאַפונג=אימפּולסן.

די איינהייט פון מענטש און נאַטורוועלט איז דאָ נישט קיין צוגעטראַכטע, געקינסטלט=פאַנטעיסטישע, נאָר אַן אָרגאַניש=געשאַפענע, אַפן יעסאָד פון אַן איינהייטלעך־פּלאַנעטאַרישן אַרבעט־פּלאַן.

עס פאַרשווינדט פון דער מענטשלעכער פסיכאָ־אידעאָלאָגיע דער אָפּטויטנדיקער פאַטאַליזם, די אָפּהענטיקייט לעגאַבע דעם „אַלמעכטיקן גוירל“, די קאָלערליי פּעסימיסטישע גריבלערייען און נירוואַנאַ־בענקענישן. זייער אָרט פאַרנעמט לעבנספרייִדיקער, שאַפערישער אַקטיוויזם, פול מיט גלויבן אין זיינע אייגענע קויכעס.

דער ריטם פון דעם מענטשלעכן לעבנסגעפיל ווערט אינטענסיווער, זיין דיאַפּאַזאָן ברייטער, זיין שטייסקראַפט — מעכטיקער.

עס פאַרענדיקט זיך דער פעריאָד, ביים די מענטשלעכע וויסנשאַפט האָט זיך קוידעמקאָל צוגעקוקט און צוגעהערט צו די נאַטור־פּראָצעסן, און דער מענטש גייט אריבער צום אקטיוון באַהערשן די אויסגעפאָרשטע נאַטור־קויכעס און זיי אָרגאַניזירן צוליב זיינע מענטשלעכע צוועקן.

לעבן, טעכניק און וויסנשאַפט בילדן אַן אינטעגראַלע, פעסט־געשלאָסענע איינהייט.

———

## 2. קונסט.

צוזאמען דערמיט באַקומען אויך די עסטעטישע איבערלע־בונגען פונעם מענטשן א פּולבלוטיקערן, רעאַלערן אינהאַלט. אַלע פאָרמען פון קונסט לאָזן זיך אראָפּ פון די פארנעפּלטע „הימלישע" הויכן און ווערן אָנגעזאַפּט מיט רעאַל־ערדישע לעבנס־אינהאַלטן. די קונסט איז מער נישט א פּאַרצירונג, א קרוין, ארופגעזעצט אַפן לעבן, — זי ווערט אַן אומאָפּטיילבארער באַשטאַנד־טייל פונעם לעבן גופא.

דאָס פון קונסט אָנגעזאַפּטע לעבן און די לעבנספולע קונסט דערגאַנצן אָרגאַניש איינער דעם אנדערן.

די בירגערלעכע קונסט האָט געשטרעבט קוידעמקאָל אָפּ־צושפּיגלען דאָס לעבן. זי האָט דעריבער אפּעלירט צו דער פּאַ־סיווער אופנעמפעיקייט פון דעם אוילעם און איינגעשלעפערט דעם ווילן פון די מאַסן.

די נייע קונסט, די קאָלעקטיוויסטישע, שטרעבט נישט נאָר אָפּצושפּיגלען די ווירקלעכקייט, נאָר אקטיוו מיטצובויען און מיט־צושאפן דאָס לעבן. זי שטרעבט צו וועקן אינעם מענטשן אקטיווי־קייט און שאפונג־אימפּולסן.

פּונקט ווי די וויסנשאפט, ווערט אויך די קונסט איינער פון די פאקטאָרן פון דעם שאפערישן קאָנסטרוקטיוויזם.

* * *

## a) אַרכיטעקטור.

דער לעבנסריטם פון דער קאָלעקטיווער אַרבעטסגעמײנ־שאַפט מיט זײַן מעכטיקן אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן אױפ־שווונג בילדעט דעם פעסטן יעסאָד פון אַ נײַעם עסטעטישן סטיל. דער נײַער סטיל זוכט, ווי שטענדיק, זײַן אױסדרוק אין נײַע אַרכיטעקטור־פאָרמען.

אין דער איבערגאַנגצײַט, בײַם דאָס בויען פון נײַע לעבנס־פאָרמען גײט האַנט בײַ האַנט מיטן אָפּראַמען די כורוועס פון דער אַלטער געזעלשאַפט און פאָדערט דעריבער די העכסטע קייכעס־אָנשטרענגונג פונעם פראָלעטאַריאַט, — הערשט דער מאַ־נאָטאָנער קוב פון אײַזן־בעטאָן: מיט מינימאַלסטע מיטלען אין דער קירצסטער צײַט — שאַפן דעם מאַקסימאַלסטן ווױנונג־פלאַך.

אַזױ איז אַנטשטאַנען דער גרעסטער טײל געבײַדעס פון דעם דיקטאַטור־עטאַפּ.

אָבער ווי נאָר די באַפרײַטע אַרבעט קומט צו זיך, באַשאַפט זי גלײַך איר אײגענעם אַרכיטעקטור־סטיל — די פּראָ־לעטאַרישע „גאָטיק“.

די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן אין יעדער היסטאָרישער תקו־פה ציגעלײגט זײער האַנט צו דעם אַרכיטעקטור־סטיל פון זײער צײַט. און האָגאָם דער סטיל־פאָרמירנדיקער קויעך איז שטענדיק געווען דער הערשנדיקער קלאַס, האָבן די אַרבעטנדיקע מאַסן פאָרט אױפגעלײגט אַפן סטיל פון דער תקופה אין אַ געוויסער מאָס אויך זײער שטעמפּל.

שאַפנדיק דעם אַלגעמײנעם פּלאַן פון זײַן סטיל, האָט דער קלאַס־אָרגאַניזאַטאָר, ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, זיך געמוזט רעכענען מיט דעם מעהיס פון די מאַסן, וואָס האָבן געדאַרפט אָט דעם סטיל־פּלאַן פאַרווירקלעכן אין לעבן — די מאָנומענטאַלע געבײַדעס אױפבױען. דער פּיראַמידן־ און טורעם־סטיל פון דעם אַלטן מיזרעך, וואָס האָט געדאַרפט אויסדריקן דאָס שטרעבן פון די הערשנדיקע קלאַסן צו פאַרפעסטיקן און אַף אײביק — אומשטאַרבלעכקײט!—

צו דאָקומענטירן זייער מעמשאָלע, איז אין דערזועלביקער צייט די גאָטיק פון דער שקלאַפן-ווירטשאַפטלעכער טקופע.

דער קירכן- און פאַלאַצן-סטיל פון מיטלאַלטער, די גאָטיק פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט-אָרדענונג איז קוידעמקאָל די אין שטיינמאַסן אויסגעדריקטע הערשאַפט פון די וועלטלעכע און גייס-טיקע פריצים. אָבער אין דערזעלביקער צייט טראָגט אָט די גאָטיק אַף זיך סימאָנים פון די באַלמעלאָכישע צעכן, וואָס האָבן אָט די גאָטישע מאָנימענטן אויפגעבויט.

אין ביידע פאַלן העלפט מיט דער סטיל גייסטיק צו באַ-הערשן די מאַסן.

די פּראָלעטאַרישע „גאָטיק" איז דער אויסדרוק פון באַפרייטן מענטשן-גייסט. ער פאַרייניקט די מאַסיווע מאָנומענ-טאַלקייט פון דער פּיראַמידע מיטן דרייסטן אויפלי פון די פעאָ-דאַל-גאָטישע טורעם-שפּיצן. אין דעם שטאָל-בעטאָן פאַרייניקט דער נייער סטיל די מאַסיווע מאָנומענטאַלקייט מיט דער גראַציעזער לייכטקייט. דער אומגעלומפּערטער הימלקראַצער באַקומט פליגלען. די סטאַטישע שטיין-אין אייזן-מאַסן ווערן באַלעבט דורך אַ קראַפט-פולער דינאַמיק. דער פונדאַמענטאַלער קוב, די אַקטיוויסטישע שרייבן-פלאַך, די מאַסיווע טעראַסן-שיכטונג און דער דערהויבנדי-קער טורעם-שפּיץ, — אָט אַלע די מאָמענטן פון „דינאַ-מיזירטער סטאַטיק", אויסגעדריקט אין אומבאַוועגלעכע שטיין- און מעטאַל-מאַסן, בילדן אין אָרגאַנישער באַהעפטונג די נייע קאָלעק-טיוויסטישע גאָטיק.

ערשט אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט ווערט די אַרכיטעקטור דאָס, צו וואָס דער מענטש האָט געשטרעבט, ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן אויסצודריקן זיין לעבנסגעפיל אין אַרכי-טעקטור-פאָרמען. די אַרכיטעקטור ווערט דער אַקטיוו-שאַפערישער פּרינציפּ פון פאָרמירן און איבערפאָרמירן די לאַנדשאַפט, פון פּלאַנירן און אָרגאַניזירן די ערדפלאַך, לויט די באַדערפענישן און צילן פון דעם מענטשלעכן קאָלעקטיוו. דערביי זיינען צוועק און שיינקייט נישט שאַרף אָפּגעגרענעצט איינער פון דעם אַנדערן,

ווי ביז איצט, נאָר זיי זיינען סינטעטיש צונויפגעפלאָכטן. ווו דער צוועק פאַרלירט זיין כייעשע רעוועך=מיעסקייט, באַקומט דער צוועק=בוי אַן אינעווייניקסטע אָרגאַנישע שיינקייט — די שיינקייט פון פרייען פרייִדיקן שאַפן.

———

## b) מאלעריי.

אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט ווערט געבאָרן אַ נייער שיינקייט־באַגריף, פריי פון יעכידישע קאַפריזן און צופעליקייטן. דאָס שאַפט אויך פאַר דער קאָלעקטיוויסטישער מאָלעריי נייע אַנטוויקלונגס=מעגלעכקייטן. זי הערט אויף צו דינען דער אינדיווידואַליסטישער באַשטעלונג און באַקומט אירע שאַפונג=אימפולסן פונעם מאַסן= און קאָלעקטיוו=לעבן.

דעם מאָלער ווערט ענג אין די סאַלאָנען, בודוארן, קאַבינעטן, און צום ערשטן מאָל נאָך הונדערטער יאָרן האָט מען אַנטדעקט, אַז אַן „אינטים" בילד אין אַ געשלאָסענעם רוים, אין וועלכן און אַרום וועלכן עס באַהעפטן זיך נישט די בליקן פון די מאַסן, איז נישט לעבעדיקע קונסט, נאָר אַ טויטער ראַמען פון אַ פאַרלאָרענער קונסט=מעגלעכקייט.

און נאָך האָט מען אַנטדעקט: אַז דווירעס קינסטלער האָבן געשאַפן פאַרן מוזיי — דעם עסטעטישן בייסאַלמען, וווּהין עס פלעגן פאַרבלאָנדזשען יעכידים=ליבהאָבער, און וווּהין דער אָטעם פון דעם מאַסן=לעבן פלעגט זיך קיינמאָל נישט דערטראָגן.

אַזוי האָט זיך באַשאַפן די מעשונעדיקע לאַגע, אַז קונסט האָט עקסיסטירט פאַר מוזייען. דער קאָלעקטיוויזם שטעלט אויך דאָ אַוועק די קונסט פעסט מיט ביידע פיס אַפן באָדן פון דערווירקלעכקייט: נישט דאָס לעבן פאַר דער קונסט, נאָר די קונסט פאַר דעם לעבן.

די מאָלעריי, די האַרמאָנישע אָרגאַניזאַציע פון פאַרב און ליניע, באַפרייט זיך פון קליינלעך=יעכידישע באַדערפענישן און גרופּן=פּניעס און דערהייבט זיך צו דער אָרגאַניזירטער באַדינונג פונעם קאָלעקטיוו. זי באַהעפט זיך אָרגאַניש מיט אַלע פאָרמען און

געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי באַהערשט קוידעמקאָל די פאַבריק. זי זאַפט אָן מיט פאַרב־ און ליניען־שיינקייט די רוימען און געגנשטאַנדן, ווו דער מענטש פאַרברענגט זיין אַרבעט־צייט.

די מאָלעריי פון *רעאַליסטישן קאָנסטרוקטיוויזם* שעפט, פון איין זייט, אירע מאָטיוון און סטימולן פון דעם אַרבעט־פּראָצעס, פון דער פּראָדוקציע און טעכניק. און, פון דער אַנדער זייט, העלפט זי מיט דורך האַרמאָנישע פאַרבן־ און ליניען־פאַרבינדונגען דער סטימולירונג פון דער מענטשלעכער אַרבעט־ענערגיע און דער שטייגערונג פון אַרבעט־קוואַליטעט און קוואַנטיטעט.

די סאָציאַל־פּעדאַגאָגיק נוצט ברייט אויס די דערציערישע ווירקונג פון דער מאָלעריי. דאָס קינד ווערט פון זיין ערשטן טריט אָן איינגעהילט אין אַן אַטמאָספער פון אָפּטיש־מאָלערישע איינדרוקן, וואָס וועקן און דערציען אין אים סיסטעמאַטיש די פאַרבן־פרייד און פיינעם כויש פאַר פאָרמען־שיינקייט. די מאָלעריי ווערט אַ שטענדיקער מיטהעלפער פון דער שול.

די סטימולירנדיקע און אָרגאַניזירנדיקע ווירקונג פון דער מאָלעריי נעמט אויך אַרום די רו־, דערהוילונג־ און פאַרווײַלונג־צייט פון דעם מענטשן. אין לייען־זאַלן, ביבליאָטעקן, קלובן און טעאַטערס געפינט דער מאָלער אַ סך אַ ברייטערע און פרוכטבאַרערע אָנווענדונג פאַר זיין שאַפונג־ענערגיע, ווי אין די בודואַרן און סאַלאָנען.

אָט די באַנייטע און פאַרטיפטע סאָציאַלע פונקציע פון דער קאָלעקטיוויסטישער מאָלעריי ענדערט איר גרונט־כאַראַקטער. זי איז רעאַליסטיש, אָבער פריי פון דער באַגרענעצט־בירגערלעכער קליינזאַכלעכקייט, פון דעם שקלאַפיש־קאָפּירנדיקן נאַטוראַליזם. עס איז אַ רעאַליזם פון אַ העכערער סאָציאַלער מאַדרייגע, ווו די נאַטור־סוויווע און איר קולטור־אָרגאַניזאַטער — דער קאָלעקטיוו — גיסן זיך הטרמאָניש צונויף אין קעגנזייטיק־באַפרוכפערנדיקער ווירקונג.

די קאָלעקטיוויסטישע מאָלעריי איז "עקספּרעסיאָניסטיש". זי דריקט אויס דעם הערשער־ווילן און שאַפונג־דראַנג פון דעם קאָלעקטיוו. זי איז אָבער פריי פון די שאַפונג־קאַפּריזן פון דעם

בלאָנדזשענדיקן יאָכיד. אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט בילדעט די מאָלעריי אַ גלייכבארעכטיקטן און אָרגאַנישן סעקטאָר פון דעם גרויסן סאָציאַלן אופבוי=פּראָצעס.

דער פעסטער צונויפבונד פון קונסט און לעבן באַקומט אין דער מאָלעריי זיין אויסדרוק אין דער נייער דעקאָראַטיווער צוועק=מעסיקייט. די דעקאָראַציע איז נישט, ווי ביז=איצט, אַ מעכאַנישע צוצעפּעניש צום אינעווייניק=מיעסן לעבן, וואָס נויטיקט זיך אין אויסערלעכער באַפּוצונג,—זי וואַקסט אַרויס, אַלס אָרגאַנישער פּייעל=ווייצע פון דער סאָציאַל=האַרמאָנישער צוועקמעסיקייט.

אויב יעכידישע צוועקמעסיקייט קאָן אָננעמען און נעמט אָפט אָן אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט מיעסע פאָרמען, — איז די קאָלעקטיווע צוועקמעסיקייט פריי פון אָט דער געפאַר, ווייל זי קומט נישט אין קאָנפליקט מיט קיין שום גרופּן=אינטע=רעסן און גרופּן=באַדערפעניש. אין דער קאָלעקטיוויסטישער קונסט איז דער אָרנאַמענט אַ דירעקטער אויסדרוק פון דער סאָציאַלער פונקציע, וואָס די מאָלעריי האָט צו דערפילן אין דער געזעל=שאַפט.

אין מאָטיוו, סיזשעט און קאָמפּאָזיציע באַקומט די קאָלעק=טיוויסטישע מאָלעריי פונקט אַזאַ קאָלאָסאַלע באַרייכערונג, ווי אַלע אַנדערע ספערן פונעם באַפרייטן מענטשלעכן שאַפן.

* * *

## c) מוזיק.

די באַפרייטע אַרבעט האָט געבראַכט מיט זיך אַ נייעם ריטם. די מעכטיקע טעמפּן פון דעם איבערגאַנג=פּעריאָד זיינען נאָר אַ שוואַכער אָנזאָג פון אָט דעם אינטענסיוון קאָלעקטיוויסטישן ריטם.

דער ריטם פונעם קאָלעקטיוויסטישן וועלט=באַנעם איז פונקט אַזוי ווייט פונעם קאַפּיטאַליסטישן ריטם, ווי דער עלעקטרישער שטראָם איז ווייט פון דער דאַמף=ענערגיע. אָט דער ריטם שאַפט אַ נייעם סטיל אין אַלע קונסט=געביטן און באַקומט זיין בוילעטן

אויסדרוק קוידעמקאָל אין דעם באַנייטן מוזיקאַלישן שאַפן, ווייל מוזיק איז מער ווי די איבעריקע קונסטפאָרמען — ריטמיק.

אויב די אַלטע וועלט האָט אַף דעם געביט געהאַט צו פאַרצייכענען אַזוינע באַדייטנדיקע שאַפונגען, ווי די קאָמפּאָזיציעס פון באַך, בעטכאָווען, וואגנער, ליסט, — עפּנט דער ריטם פון דער באַפרייטער אַרבעט, בלי־ספק, אַ סאַך ברייטערע און ווייטערע האָריזאָנטן אין דער מוזיק.

דער מוזיקאַלישער קאָנסטרוקטיוויזם פילט אָן דעם אַבסטראַקטן רעאַליזם מיט קאָנקרעטן קאסמישן און סאָציאַלן אינהאַלט.

דאָס, וואָס דער אימפּרעסיאָניזם און עקספּרעסיאָניזם האָבן אין דער מוזיק דעפאָרמירט, — מעלאָדיע, טאָנאַליטעט, הארמאָניע, ריטמיק און קאָמפּאָזיציע, — דאָס אַלץ באַקומט זיין שאַפערישע באַנייונג דורך דעם קאָלעקטיוויסטישן קאָנסטרוקטיוויזם. ער שטרעבט צו סינטעטיזירן די נייע רעאַלע קלאַנגען־וועלט מיט דעם אַקטיוויסטישן דראנג צו קינסטלערישער געשטאַלטונג.

דער קאָנסטרוקטיוויזם איז אויך אין דער מוזיק — רעאַליזם אַף אַ העכערער סאָציאַל־עסטעטישער באזע, ווו די נאַטור־ און קולטור־קלאַנגען גייען דורך דורכן פילטער פונעם שאַפנדיקן קאָלעקטיוויסטישן יאָכיד. נישט נאַטור־אימיטאַציע, נאָר נאַטור־באַהערשונג. די קולטור קאָנסטרוירט די נאַטור.

דער אַרבעט־פּראָצעס האָט שטענדיק געהאַט אַן אנטשיידנדיקן איינפלוס אַף דעם מוזיקאַלישן שאַפן. אין אפגאַנג־טקופעס שטרעבט דער מוזיקאַלישער עסטעטיזם זיך אָפּצורייסן פונעם אַרבעט־ און לעבנס־יעסאד. אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעל־שאַפט ווערט די טאָנגעבנדיקע און סטימולירנדיקע ווירקונג פון דעם אַרבעט־פּראָצעס אַף דער מוזיקאַלישן שאַפן באַפרייט פון די שטענדיקע מעכיצעס.

פון דער אנדער זייט, ווערט אויך באַדייטנדיקער די סטימולירנדיקע און אָרגאַניזירנדיקע ווירקונג פונעם מוזיק־שאַפן אַפן אַרבעט־פּראָצעס. די קלאַנגען פון דער נאַטור־וועלט פלעכטן זיך אָרגאַניש צונויף מיט די טענער פון דער קולטור־וועלט.

דאָס סאָציאַל=האַרמאָניזירטע לעבן פון דער געייניקטער מענטשהייט ווערט דער יעסאָד פון די נייע מוזיקאַלישע האַרמאָניעס, פון דעם נייעם קאָלעקטיוויסטישן ווײַלקלאַנג.

דער אויפשוווּנג פון דער נייער אוניווערסאַליסטישער קולטור באַרײַכערט אויך דעם מוזיקאַלישן קאָנסטרוקטיוויזם מיט דעם אינטענסיווסטן אוניסאָן=טאַקט פון מיליאָנען הערצער, וואָס קלאַפן אין איין אוניסאָן=ריטם. פרײַ און ברייט אָטעמט אויף די ברוסט פון דעם מענטשן, וואָס ווערט באַפרייט פון די סאָציאַלע היפּוכים. און די באַפרייטע מענטשלעכע פרייד געפינט איר מעכטיקן אייםדרוק אין דעם נייעם קאָלעקטיוויסטישן מאַזשאָר, אין דער טאָנאַרט פון דער פּלאַנעטאַרישער געהייבנקייט און באַפרייטן שאַפינג-דראַנג.

אויך דער מעלאָס באַקומט דורך דעם קאָלעקטיוויזם אַ נייעם פּאַרטיפּטן אינהאַלט. די קאָלאָסאַלע אויפגאַבן פון וועלט=בוי און וועלט=אָרגאַניזאַציע, וואָס עפענען זיך פאַר דער מענטשלעכער שאַפונגסלוסט, גיסן אַרײַן אַ נייעם מעלאָדישן שטראָם אין די מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס און קאָנסטרוקציעס.

פּאַראַלעל מיט דעם נייעם מעלאָס, טאָנאַלער מאַטעריע, מיט די ניי=אויפגעעפנטע טאָן=קוואַלן און נייע טענער=קאָמפּאָזיציעס באַקומט איר מעכטיקע אָנווענדונג די מוזיקאַלישע ט ע כ נ י ק. אַ רײ נייע אונסטרומענטן באַרײַכערן אומגעהויער די טאָנאַלע אויסדרוקמעגלעכקייטן, באַשאַפן נייע טענער און נייע טאָן=פאַרבינדונגען. עס זינגט נישט נאָר דער מעטאַל, האָלץ און סטרונע, — עס זינגט דער פּלאַנעטן=רוים, די „הימלשע ספערן", דער וויבּרירנדיקער עטער. און זיין רעזאָנאַנץ=באָדן איז — דער קאָסמאָס. דער „טערעמין=וואָקס" איז אַן אומבאַהאָלפענער אָנזאָג פון די קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן, וואָס עפענען זיך פאַר אָט דער ספערישער מוזיק.

דער מוזיקאַלישער סעקטאָר פון דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי דערפילט אַ רײ ערשטקלאַסיקע סאָציאַל=אָרגאַניזירנדיקע פונקציעס.

דער מוזיקאַלישער קאָנסטרוקטיוויזם איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט קאָנקרעטע לעבנס=אינהאַלטן און שטרעבט, פון

זיין זייט, ארומצונעמען און צו ריטמיזירן אַלע ספערן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

די פּעדאַגאָגיק נוצט ברייט און טיף אויס די ריטמיזירנ־דיקע און אָרגאַניזירנדיקע ווירקונג פון דער מוזיק אין דער דער־ציונג־אַרבעט. צוזאַמען מיט דער פּלאַסטישער קונסט ווערט די מוזיק איינער פון די אָרגאַנישע באַשטאַנד־טיילן פון דער פּאָלי־טעכנישער און פּאָלי־עסטעטישער שול.

פון דעם פּרימיטיוון אַרבעט־ליד וואַקסט אָרגאַניש אַרויס די קאָמפּליצירטע אַרבעט־סימפאָניע אין און אַרום דער קאָלעקטי־ווייסטישער פאַבריק. די פּאָליריטמיק פון דער מאָדערנער אינדוס־טריע־טעכניק באַקומט איר אדעקוואַטן אויסדרוק אין דער סינטע־טיש־פּאָליריטמישער מוזיק, וואָס באַגלייט, ריטמיזירט און עקאָנאָ־מיזירט דעם אַרבעט־פּראָצעס. די מוזיק העלפט פאַרוואַנדלען די אַרבעט פון אַ נויט אין אַ פרייד.

די באַפרייענדיקע און באַרייכערנדיקע, דערהייבנדיקע און פאַרייילנדיקע ווירקונג פון דער מוזיק מאַכט זי פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון דעם גאַנצן קולטור־לעבן, פון שאַפן און אָפּרו. דער קלוב און טעאַטער ווענדן אָן ברייט און אלזייטיק די מוזיק, אַלס מעכטיקסטן הילפמיטל אין זייער הויפט־אויפגאַבע — אויפצופרישן און אויפצומונטערן דעם מענטשלעכן גייסט, אָנצופילן אים מיט נייע שאַפונג־אימפּולסן פאַרן וויטערן שטורעם־אָנגריף אַף די נאַטור־קויכעס.

* * *

## d) ליטעראַטור.

די פּלאַנמעסיק־קאָלעקטיוויסטישע וועלט־ווירטשאַפט עקאָנאָ־מיזירט אויצרעס פון מענטשלעכער ענערגיע און באַפרייט אומגע־הויערע פּראָדוקטיווע קויכעס, וואָס זיינען ביים קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם געווען געפּענטעט. די באַנייטע סאָציאַלע מאַטעריע אַנט־פּלעקט נייע איינגשאַפטן פון דער מענטשלעכער נאַטור, נייע ניו־אַנסן פון באַציונג צווישן מענטש און מענטש, צווישן מענטש און קאָלעקטיוו, צווישן קאָלעקטיוו און קאָסמאָס. אַפן יעסאָד פון קאָ־

לעקטיוון ארבעטספּראָצעס וועבט זיך אויס אַ נעץ פון נייע פּסי־
כאָ=אידעאָלאָגישע פארקניפּונגען, וואָס בּילדן די קאַנווע פון א
קאָלעקטיווויסטישן לעבנסגעפיל מיט א נייעם ריטם.

דאָס אַלץ שאפט דעם באָדן פאר אַן אומגעהויערן אויפ=
שטייג פון דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע. עס ווערן
בּארייכערט אינהאלט און פאָרם פונעם ליטעראַרישן שאַפן. ס'ווערן
אופגעריסן די יעכידישע גרענעצן פון דער קאַבינעט=, בּודואַר=און
סאַלאָן=ליטעראַטור. די ליטעראַטור ווערט אַן אָרגאַנישער טייל
פונעם גרויסן סיסטעם פון דער פּלאַנמעסיקער וועלט=אָרגאַניזאַציע.
זי פאַרלאָזט דעם פאַרנאַס און פלעכט זיך אריין אין אַלע געוועבן
פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די ליטעראַטור צערייסט דעם פארקישעווטן קרייז פון דעם
„איך“־קאָמפּלעקס און גיסט אריין די פּראָבּלעמען פונעם אינדיווי=
דוום אין דעם בּרייטן שטראָם פון די קאָלעקטיווע שאַפונג=פּראָ=
צעסן. דער ליטעראַרישער סיוזשעט ווערט אַף אזאַ אויפן שטאַרק
בּארייכערט, פאַרטיפט, פארבּרייטערט און דערהויבּן.

דער נייער פּסיכאָ=אידעאָלאָגישער אינהאַלט שאַפט זיך אַ
נייע צוגעפּאַסטע ליטעראַרישע פאָרם. ס'קומט פאָר א גרינטלעכע
בּאנייונג פון דעם גאנצן בּיז=איצטיקן שפּראַך=אינווענטאַר. די אויס=
דרוקספאָרם, די בּילדער, די מעטאפאָרעס, די וואָרט=בּילדונג, ווער=
טער=פאַרבּינדונג און זאַץ=בּוי — אָט דער גאַנצער ארסענאַל פו=
נעם בּיז=איצטיקן ליטעראַרישן שאַפן, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט
אינדיווידואַליסטישע און אייגנטימלערישע אינהאַלטן, פארלירט צו=
זאַמען מיטן קאַפּיטאַליזם זיין פונדאַמענט. אַלע עלעמענטן פון לי=
טעראַרישן שאַפן ווערן בּאנייט אַפן יעסאָד פונעם נייעם לעבּן=
שטייגער. די שייד=וואַנט, וואָס טיילט אָפּ ליטעראַטור פון טאָג=
טעגלעכן לעבּן, ווערט אראָפּגעריסן, דער קאָלעקטיווויסטישער אַר=
בּעט=פּראָצעס און די אופגעבּליטע טעכניק גיבּן אָנצאָליקע
אימפּולסן דעם שאַפערישן קאָנסטרוקטיוויזם אין דער
ליטעראַטור. די פּאָעזיע איז מער נישט געבּונדן מיט דער צוגע=
מאָסטן=מעכאַנישער מעטריק און סטערעאָטיפּישע ריפמען פון דער
בּיז=איצטיקער דיכטונג=קונסט. ערשט אין דער קאָלעקטיווויסטישער

פּאָעזיע ווערן פרײַ אנטפּלעקט די קאָלאָסאל רײַכע און אינטענ־סיווע ריטמען פון דער עלעקטראָפיצירטער וועלט.

די טראַדיציאָנעלע אײַנטײלונג אין „הויכער" פּאָעזיע און „נידעריקער" פּראָזע געהערט אינגאַנצן דער וועלט פון פּריווילע־גירטע אָרגאַניזאַטאָרס און רעכטלאָזע מאַסן. אין דעם פּראַט קאָן מען אין דער קלאַסנגעזעלשאַפט אונטערשײדן אַ געוויסע סקאַלע פון „נידעריקערע" און „העכערע" ליטעראַטור־פאָרמען: טאָג־פּרעסע, פּובליציסטיק, זשורנאַליסטיק, פּראָזאַישע בעלעטריסטיק (דערציילונג, נאָוועלע, ראָמאַן), דראַמאַטורגיע, פּאָעזיע. אַף אָט דער סקאַלע ליגט דער בײַלעטער שטעמפּל פון דער קלאַסן־יעראַרכיע מיט איר גרונט־שטרעבן אוועקצושטעלן דעם אָרגאַניזאַ־טאָר איבער דער פּאַלקמאַסע און די גײַסטיקע ספערע איבער דער עקאָנאָמיש־פּאָליטישער.

אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט פארלירט אָט די אײַנטײלונג איר סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן פונדאַמענט. די סאָציאַלע צײַעקמעסיקײט באַשטימט אינהאַלט און פאָרעם, שפּראַך און מאָס פון דעם געגעבענעם ליטעראַרישן מין, און די ליטעראַטור שאַפט מיט און סטימולירט אַף אַלע געביטן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צווישן דער טאָג־צײַטונג און אַ באַנד לידער ליגט אין דער קלאַסנגעזעלשאַפט אַ טהאָם. דאָס איז, קוידעמקאָל, דער בײַ־לעק פון פאַרשיידענע סאָציאַלע פונקציעס: די צײַטונג אָרגאַניזירט די טאָג־טעגלעכע סאָציאַל־פּאָליטישע דערפאַרונג פון די מאַסן, בײַם די פּאָעזיע שטרעבט צו אָרגאַניזירן די אינימסטע ספערע פון מענטשלעכע שטימונגען. און בײדע טוען דאָס אַף גרונט־פאַרשיידענע אויפאַנים און מיט קעגנזעצלעכע מיטלען. די צײַטונג רעדט, קוידעמקאָל, צום „נידעריקן האמוין", די הויכע פּאָעזיע — צו דער אינטעליגענץ, צו די העכערע שיכטן פון דער געזעל־שאַפט.

דאָס אַלין בײַט זיך אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעל־שאַפט. די מאַטעריעלע און גײַסטיקע קולטור ווערט דאָ נישט צעשפּליטערט דורך קלאַסנהיפּוכים. דאָס אײנהײטלעכע גײַסטיק־

מאַטעריעלע סאָציאַלע לעבן באַקומט זיין פולע אָפּשפּיגלונג אין דער אינטעגראַלער ליטעראַטור, וואָס ווייסט נישט פון הייכער פּאָעזיע און נידעריקער פּראָזע, פון ציטונג-מאַקולאַטור און אייביקער „בעלעטריסטיק“ (שוינמאַכערישער ליטעראַטור). אַלע סעקטאָרן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען גלייכווערטיק און אַלע ווערן זיי אין גלייכער מאָס באַדינט דורך דער ליטעראַטור.

ליטעראַטור איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאַקטאָרן אין דעם דערציונג-און שול-וועזן. זי איז אַ וויכטיקסטער אינסטרומענט פון געזעלשאַפטלעכער אינפאָרמאַציע, אַן אַלזייטיקע אָפּשפּיגלונג פונעם יעכידישן און קאָלעקטיוון לעבן און אין דערזעלביקער צייט — אַ מעכטיקער פאַקטאָר פון אָרגאַניזירן די פּסיכאָ-אידעאָלאָגישע איינשטעלונג פון דער געזעלשאַפט. אַף אַלע די געביטן ברענגט דער קאָלעקטיוויזם מיט זיך נייע אינהאַלטן און נייע פאָרמען.

אויב אין דער קלאַסנגעזעלשאַפט איז די סאָציאַלע פונקציע פון דער ליטעראַטור — פאַרפעסטיקן אַפן פּסיכאָ-אידעאָלאָגישן געביט די פּאָזיציעס פון די הערשנדיקע קלאַסן,—קאָנצענטרירט זיך די אויפגאַבע פון דער ליטעראַטור אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפט אַף מיטצוהעלפן מיט וואָרט-בילד און וואָרט-קלאַנג דעם פּראָצעס פון באַהערשן און אָרגאַניזירן די וועלט אין די אינטערעסן פון דער שאַפנדיקער אַרבעט-געמיינשאַפט.

* * *

## e) טעאַטער.

די רעוואָלוציאָנירנדיקע פּרווון פון דעם אָפּגאַנג-פּעריאָד האָבן פינאַנדערגעטרייסלט די יעסוידעס פון דעם בירגערלעכן טעאַטער.

ווי אַלע קונסט-פאָרמען, גליטשט זיך אויך דער טעאַטער— איינער פון די וויכטיקסטע אינסטרומענטן פון דער קלאַסן-באַהערשונג—ביסלעכווייז אַרויס פון די הענט פון דער בורזשואַזיע. מיר האָבן געזען, ווי עס איז צעבראָכן געוואָרן די אויסגעהאַלטענע יעראַרכיע פון דעם בירגערלעכן טעאַטער-רעפּערטואַר פון אונטן אַרויף: וואָדעוויל, פאַרס, קאָמעדיע, דראַמע, טראַגעדיע. עס

האָט געפּלאַצט די גאַנצע באַהערשונג־סיסטעם אין דעם ביז־איצ־טיקן טעאַטער־וועזן, אין וועלכן דער דראַמאַטורג האָט באַהערשט די רעזשי, דער רעזשיסאָר — די סצענע, און די סצענע — דעם עולם.

דער טעאַטער פון דער איבערגאַנג־צייט העלפט מיט דער געזעלשאַפט זיך אײַנגאַנצן צו באַפרייען פון די קלאַסנרעשטן. ער עפנט דעם וועג פאַר דעם נײַעם סאָציאַליסטישן טעאַטער. פון דעם אַלטן טעאַטער איז קאַמאַט אומפאַרענדערט געבליבן שטיין זײַן קלאַסן־בנין: דער עלעגאַנטער פּאַרטער און די אַלץ מער זיך־„דעמאָקראַטיזירנדיקע" באַלקאָנען ביז צו דער פּראָלעטאַרישער גאַליאָרקע.

די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע שטרעבט אויך דעם טעאַטער צו שטעלן אין דינסט פון אירע גרויסע אויפגאַבן. זי וויל אויסנוצן דעם טעאַטער פאַר מאַסן־דערציונג און מאַסן־דערהייבונג. זי נוצט אויס די רעוואָלטירנדיקע פּרוּוון פון דעם איבערגאַנג־טעאַטער און שטרעבט זיי צו אָרגאַניזירן לויטן מעטאָד פון שאַפערישן קאָנסט־רוקטיוויזם. דעם קערן פון דעם נײַעם טעאַטער־שאַפן בילדעט דאָס רעאַלע געזעלשאַפטלעכע לעבן מיט זײַנע אָרגאַניזיר־לאָזונגען און אויפבוי־צילן. דער טעאַטער פּאַסט זיך אָרגאַניש אַרײַן אין דעם סאָציאַלן אויפבוי, אַלס איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאַק־טאָרן אַפן פּסיכאָ־אידעאָלאָגישן פראָנט. אין ענגסטן קאָנטאַקט מיט דער טעכניק, וויסנשאַפט, עקאָנאָמיק, פּאָליטיק ווערט דער טעאַ־טער די גרויסע „פאַבריק" פאַר אָרגאַניזירן די קולטור־עסטעטישע איבערלעבונגען פון די מאַסן.

דער קאָלעקטיוויזם באַפרייט דעם טעאַטער אינגאַנצן פון זײַן סאָציאַל־פאַרשקלאַפנדיקער פונקציע אין דער קלאַסן־געזעלשאַפט. דער סאָציאַליסטישער טעאַטער באַפרידיקט דעם דראַנג פון די מאַסן צו קאָלעקטיווער עסטעטישער איבערלעבונג און סצענישער מאַסנהאַנדלונג, אָן וועלכע־ניט־איז סאָציאַל־פאַלסיפיצירנדיקע און פאַרשקלאַפנדיקע קאַוואַנעס. אַט דער דראַנג האָט שטענדיק גע־פונען זײַן אויסדרוק אין פאָלק־יאָנטויוויס, פאָלק־שפּילן. די הערשנ־דיקע קלאַסן פלעגן שטרעבן אַט די מאַסן־איבערלעבונגען צו באַ־

הערשן פאַר זייערע צוועקן. דער צירק מיט די גלאַדיאַטאָרן-און בייעס-קאַמף, די קירך מיט איר גאָט- און טייוול-שפּיל, דער טעאַטער מיט זיין קוואַליפיצירט-ער אָ ט י ש ע ר פאַרוויילונג, — אַט די אַלע אינסטרומענטן פון קלאַסנהערשאַפט באַזייטיקט דער קאָלעקטיוויסטישער טעאַטער. ער גיט דעם ארבעטמענטש די אַלזייטיקע באַפרידיקונג אין זיין שטרעבן צו אָפּרו, פאַרוויילונג, קוויבעס-זאַמלונג, פסיכאָ-אידעאָלאָגישער פאַרטיפונג און באַרייכערונג.

דער אינטעגראַלער טעאַטער פאַראייניקט די אָפּטישע, אַקוסטישע, כאָרעאָגראַפישע א. א. מאָמענטן פאַר קאָלעקטיוויסטישער מאַסן-האַנדלונג.

די באַפרייטע אַרבעט נוצט אויס אויך דעם טעאַטער פאַר איר מוטיקער פּלאַנירונג פון דער וועלט-באַהערשונג. די סצענע ווערט פאַרוואַנדלט אין א לאַבאָראַטאָריע, אין וועלכער עס ווערט געשמידט דער ווילן צו מאַכט, צו הערשאַפט איבער דער נאַטור. אין טעאַטער באַהעפטן זיך די מאַסן אין סצענישע רעפעטיציעס פון וועלט-פאַרמירונג און וועלט-אויפבוי. דער טעאַטער פאַרנעמט זיין אָרט אין דעם טיטאַנישן געראַנגל פאַר דער העגעמאָניע פונעם מענטשן איבער דער נאַטור.

דער סאָציאַליסטישער טעאַטער האָט נישט נייטיק קינסטלעך צו באַזייטיקן די ראַמפּע — די מעכיצע צווישן סצענע און אוילעם. אין אים שאַפט זיך די אָרגאַנישע איינהייט צווישן דער איבערלעבונג פון צושויער און דער האַנדלונג אויף דער סצענע. דער אַקטיאָר איז נישט מער דער באַלמעלאָכע פון פאַרוויילונג, נאָר דער דעלעגירטער פון דער מאַסן-שטימונג. דער אוילעם איז נישט מער דער פּאַסיווער צושויער, — ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער קאָלעקטיווער מאַסנהאַנדלונג. ער שפּילט און אימפּראָוויזירט צוזאַמען מיטן אַקטיאָר. דער טעאַטער, אַלס איינהייט, לעבט א פולן אינטענסיוון לעבן.

די נייע עלעקטראָפיצירטע טעכניק שאַפט פאַרן קאָלעקטיוויסטישן אַמפיטעאַטער אומגעהייערע טעכנישע מעגלעכקייטן: ליכט, פאַרב, ליניע, בילד, זשעסט, קלאַנג, וואָרט, אַראָמאַט, ריטם, — אַלץ גיסט זיך צונויף אין א סינטעטישער באַוועגונג,

אָרגאַניזירט דורך דער קאָנצענטרירטער עסטעטישער פּלאַנמע-סיקייט.

דער טעאַטער ווערט אַ גלייכבאַרעכטיקטער סעקטאָר פונעם אַלוועלטיקן סאָציאַלן אויפבוי, אַ מעכטיקער סטימול פון לעבנספרייד און שאַפונג-לוסט.

———

## 3. וויסנשאַפט.

אין דער קלאַסנגעזעלשאַפט דינט די וויסנשאַפט, ווי אַלע אידעאָלאָגיעס, טריי דעם הערשנדיקן קלאַס. און וואָס טרייער, אַלץ שעמעוודיקער פאַרדעקט זיך די וויסנשאַפט מיט דעם פייגנבלאַט פון „אָביעקטיוון עמעס". איר עמעסע פונקציע איז — ציניש מיטהעלפן דער פאַרשקלאַפונג פון די מאַסן, און איר צוויעסדיקער אויסערלעכער שילט איז — דינען דעם קלוימערשט „אייביקן עמעס".

די רעאַלע אויפגאַבע פון דער בורזשואַזער וויסנשאַפט איז— אויספאָרשן און באַהערשן די נאַטור נ א ָ ר א ף א ז ו י פ י ל, אַף וויפיל דאָס איז אין די אינטערעסן פון דער קאַפּיטאַל-הערשאַפט. קוים אָבער קומט די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג אין אַ סטירע מיט די אינטערעסן פונעם בורזשואַזן מערווערט, ווערט די וויסנשאַפט געבראַכט, אַלס קאָרבן צום קאַפּיטאַל.

עמעס, די אָרגאַניזירטע קאַסטע, וואָס באַדינט די אָפיציעלע וויסנשאַפט פון דער בורזשואַזיע, געפינט זיך אין אַ פּריווילעגירטער מאַטעריעלער לאַגע. אָבער אין דערזעלביקער צייט שאַפט זיך אַ וויסנשאַפטלעכער פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט בײַ יעדן באַדײַטנדיקן קריזיס אומבאַרעכמאָנעסדיק ארויסגעשליידערט איבערן באָרט היין פון וויסנשאַפט היין פון פּראָדוקטיוון לעבן. דאָס אַלין האָט ארויפגעלייגט אַף דעם אַנטוויקלונגסגאַנג פון דער וויסנשאַפט אין דער קלאַסנגעזעלשאַפט בלייערנע פּענטעס.

נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס קומט אָביעקטיוו און דערי-בער אויפריכטיק באַזייטיקן דעם קלאַסנפּרינציפּ אין דער אָרגאַניזאַ-ציע פון דער געזעלשאַפט, מאַכט אויך אין דער וויסנשאַפט אַ

סאָף צו דער צייעס און באַגרענעצטקייט פון דער פאָרשערישער אַרבעט. דער פּראָלעטאַריאַט זאָגט קלאָר און אָפן: די וויסנשאַפט מוז, ווי אַלין אינעם איצטיקן מאָמענט, מיטהעלפן אים זיך צו באַפרייען פון דעם קאַפּיטאַליסטישן צעפאַל און, אַף אזא אויפן, פאַרוואַנדלען די אַנטאַגאָניסטישע קלאַסנגעזעלשאַפט אין א סאָציאַל=האַרמאָנישער אַרבעטגעמיינשאַפט. דער איבעריכטיק=אַנערקענטער קלאַסנכאַראַקטער פון דער פּראָלעטאַרישער וויסנשאַפט עפנט פאַר דער פאָרשערישער אַרבעט ברייטע האָריזאָנטן. די וויסנשאַפט דערהייבט זיך אַף אַ נייער היסטאָרישער מאַדרייגע.

אין דער אינדוסטריעלער טעכניק האָט די בורזשואַזיע אַרויסגערופן אַ קויעך, וועלכער איז איבערגעוואַקסן איר היסטאָרישן מעהוס. אויב די רעוואָלוציע, וואָס דער דאַמף האָט אַרויסגערופן אין דער טעכניק, האָט פאַרפעסטיקט די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, האָט די עלעקטרישע רעוואָלוציע אין דער טעכניק אונטערגעגראָבן די פּריוואַט=קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט=אָרדענונג.

אויב סאָציאַליזם איז „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט פּליוס עלעקטראָפיקאַציע," באַטייט שוין דער אָנהייב פון דער עלעקטראָפיקאַציע דעם ערשטן טויט=קלאַפּ פאַר דעם קאַפּיטאַליזם. דער פּראָלעטאַריאַט האָט פון ערשטן טריט אָן דערקענט אין דער עלעקטריציטעט זיין באַדייטנדיקסטן מיטהעלפער און שטרעבט אים ברייט אויסצונוצן אין זיין קאַמף.

די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג ווערט דורכגעלויכטן דורך די בליץ=ריטמען פון דעם עלעקטרישן שטראָם, און די עלעקטראָפיקאַציע פון דער וועלט ווערט דורכגעדרונגען מיט די אינטענסיווסטע ריטמען פון דעם באַפרייטן וויסנשאַפטלעכן געדאַנק.

דער קאָלעקטיוויזם באַפרייט די מענטשלעכע דערפאַרונג, וואָס ווערט אָרגאַניזירט דורך דער וויסנשאַפט, פון די סאָציאַלע סטירעס און פון זייער פּאַראַליזירנדיקער ווירקונג.

אַלע וויסנשאַפטלעך=פאָרשערישע קויכעס, וואָס ווערן דורכן קאָלעקטיוויזם באַפרייט פון די צאָלרייכע אינעווייניקסטע קלאַסנפאַרמען, ווערן איצט איבערגעוואָרפן אַפן אינהייטלעך=גרייסן וועלט=

פראָנט — אויספאָרשן און באַהערשן די נאַטור און די אינטערעסן פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעט-און קולטור-געמיינשאַפט.

אָט דער אינעווייניקסטער פראָנט גיט צו דער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט אַ געשטייגערטע אינטענסיווקייט, אַ נייעם אימפעט און אַ מעכטיקן פאַרנעם.

אויב די בורזשואַזע וויסנשאַפט איז געווען נישט מער, ווי אַ קנעכט פון דער בורזשואַזיע, ווערט די סאָציאַליסטישע וויסנשאַפט — אַ פריי-מיטשאַפנדיקער פאַקטאָר פון דעם גרויסן קאָלעקטיוון אויפבוי-פלאַן. איינגעשלאָסן אין די ענגע ווענט פון קאַבינעטן און לאַבאָראַטאָריעס, האָט די אַלטע וויסנשאַפט פאַרשווענדט אומגעהויערע ענערגיע אויף פעדאַנטישע באַשרייבונגען פון פאַקטישן קליינקראַם, וואָס איז אָפט אָפגעריסן פון דעם גרויסן לעבנשטראָם, און אויף אומפריכטבאַרער אַבסטראַקטער רובריצירונג פון דעם מעכאַניש-צונויפגעקליבענעם אַלטוואַרג. און אויף וויפל אָט די דעטאַל-פאָרשונג פלעגט שוין יאָ קלאַסיפיצירט און סיסטעמאַטיזירט ווערן, האָט דאָ אויך שטענדיק געהערשט דער אַבסטראַקט-סכאָלאַסטישער גייסט מיט שלעכט פאַרמאַסקירטע קלאַסנקאַוואָנעס.

די נייע וויסנשאַפט דערקלערט אָפן און מוטיק פאַר איר ציל נישט פאָרשן צוליב פאָרשן (דאָס איז פאַקטיש קיינמאָל נישט געווען די אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט), נאָר וויסן צוליב שאַפן, וויסן, אַלס מאַכט. די גרונט-פרינציפן פון דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט איז: אויספאָרשן די ווירקלעכקייט, קעדיי צו באַנעמען אירע אָביעקטיוו-טרייבנדיקע קייכעס; אָרגאַניזירן אַלע עלעמענטן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, קעדיי זיי אַקטיוו צו באַהערשן און זיי אויסצונוצן פאַרן פלאַנמעסיק-קאָלעקטיוון אומבוי און אויפבוי פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צווישן דער טעאָריע און פראַקטיק פון דער בורזשואַזער וויסנשאַפט איז געלעגן אַ טיפער טהאָם: די טעאָריע האָט אָפט געשוועבט אין די אַבסטראַקטע הויכן פון דעם קלומערשט פרייען גייסט, זיך געכקירעט וועגן אַבסאָלוטע אייביקייטן, בייס אין דער פראַקטיק האָט זי טאָג-טעגלעך געדינט דעם אומפאַרשעמטסטן

רעוויעך-געיעג, מאַסן-פאַרשקלאַפונג און פעלקער-האַס. די בורזשואַזע וויסנשאַפט האָט, נישט געקוקט אַף די דעקלאַמאַציעס ייעגן איר קלוימערשטדיקער אָן-פּניעסדיקייט, פּאַקטיש געדינט דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע.

דער מאַרקסיזם באַזייטיקט איינגאַנצן אָט די סטירע צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג גיסט זיך אָרגאַניש צונויף מיטן רעאַלן לעבן. די בילדונג ווערט פּאָליטעבניזירט, און די טעכניק ווערט אָנגעזאַפּט מיט די פאַראַלגעמיינערונג פון דעם טעאָרעטישן געדאַנק. עס פאַרשווינדט די סטירע צווישן דעם אָרגאַניזירנדיקן „גייסט" — אינטעליגענץ — און אָרגאַניזירטער מאַטעריע — אַרבעט. דער אינטעלעקט באַקומט דורך דעם זיין פעסטן אַרבעט-סקעלעט, און די אַרבעט ווערט סטימולירט דורך נייע אינטעלעקטועלע אימפּולסן. עס ווערט ברייט און פרוכטבאַר פאַרווירקלעכט דער גרונט-פּרינציפּ פון דער מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק: די טעאָרעטישע וויסנשאַפט ווערט אַנטוויקלט אַפן יעסאָד פון דער קאָנקרעטער פּראַקטיק, און די פּראַקטישע מיסים ווערן אויפגעבויט אַפן יעסאָד פון דער וויסנשאַפטלעכער טעאָריע. טעאָריע און פּראַקטיק באַפרוכפּערן זיך קעגנזייטיק אינעם דיאַלעקטישן אויפשטייג. און אין דעם באַשטייט די העכערע צוועקמעסיקייט פון דער פּראָלעטאַרישער וויסנשאַפט.

---

אויך די פילאָסאָפיע טיילט דעם אַלגעמיינעם גוירל פון דער וויסנשאַפט.

אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט איז די פילאָסאָפיע געווען „די דינסט פון דער טעאָלאָגיע" — דער געטלעכער פאַרשקלאַפונג-לערע. אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז די פילאָסאָפיע די קלוימערשטע „וויסנשאַפט פון אַלע וויסנשאַפטן" — די דינסט פונעם קאַפּיטאַל. זי דעזאָרגאַניזירט און פאַרנעפּלט דאָס גייסטיקע לעבן פון די מאַסן. די בורזשואַזע פילאָסאָפיע איז, פון איין זייט, פאַראַנקערט אין דער אַלטער טעאָלאָגיע; פון דער אַנדער זייט, איז זי געצווונגען זיך צו אָריענטירן אַף דער מאַ-

טעריעל־טעכנישער אַנטוויקלונג. דאָס איז די שוואַנקונגס־אַמפּליטודע פֿון דעם בירגערלעכן וועלטבאַנעם, דעם דואַליסטישן אידעאַליזם.

דער פּראָלעטאַריאַט מאַכט אַ סאָף אויך צו דעם אידעישן הערמאַפּראָדיטיזם. זײַן דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם פּרעטענדירט נישט צו זײַן די וויסנשאַפֿט פֿון אַלע וויסנשאַפֿטן, נאָר, קוידעם־קאָל, דער מעטאָדאָלאָגישער וועג־ווײַזער אויף אַלע געביטן פֿון מענטשלעכן לעבן און פֿאָרשן. אָט דער מאָניסטישער וועלטבאַנעם פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אַזוי עלאַסטיש־בויגעוודיק, פֿירט צו דער עקאָנאָמיזירונג פֿון אומגעהײַערע גײַסטיקע קויכעס, וואָס ווערן באַפֿרײַט פֿון דער דואַליסטישער דיסהאַרמאָניע.

אין דער קאָלעקטיוויסטישער געזעלשאַפֿט פֿאַרלירט דער אַרבעט־פּראָצעס זײַן צוואַנג־כאַראַקטער און ווערט באַרײַכערט מיט נײַע טרײַבנדיקע אימפּולסן. די פֿרײַ־פֿרײַדיקע אַרבעט וועקט דעם געדאַנק. דער שאַפֿונג־פּראָצעס ווערט אָרגאַניזירט אַלײן צוועקמעסיקער און אָנגענעמער. די פֿרײַע אַרבעט איז אַ סך מער דערפֿינדעריש, ווי די צוואַנג־אַרבעט פֿון דער קלאַסנגעזעלשאַפֿט. דער סאָציאַליסטישער געזעץ ווערט אויך אין דער וויסנשאַפֿט אַ טרײַבנדיקער קוילעך צו אַלײן העכערע דערגרײַכונגען.

ס'ווערן אָראָפּגעריסן די הויכע מויערן פֿון די אוניווערסיטעטן און אַקאַדעמיעס, הינטער וועלכע די וויסנשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזיע באַהאַלט זיך פֿון דעם מאַסנלעבן. די וויסנשאַפֿט לעבט און וועבט אומעטום: אין דער פֿאַבריק, ווי אין דער שול.

פֿאַרן מעכטיקן אויפֿשטײַג פֿון דער קאָלעקטיוויסטישער וויסנשאַפֿט עפֿענען זיך האָריזאָנטן, וואָס דער בירגערלעכער וועלטבאַנעם קאָן בעשום אופֿן נישט באַלײַכטן. די פּרוּוון יונגער צו מאַכן דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם זײַנען וואַקלדיקע קינדער־טריט אַפֿן וועג אויסצופֿאָרשן די „געהיימניסן" פֿון לעבן און טויט און זיי שטעלן אין דינסט פֿון דעם טריומפֿירנדיקן יונגן לעבן. די אינטענסיווע רוימבאַהערשונג אין די לעצטע יאָר־צענדליקער איז אַן אומבאַהאָלפֿענער אָנהייב אין פֿאַרגלײַך מיט יענע מאַכט־מעגלעכקייטן, וואָס עפֿענען זיך פֿאַר דער אַלוועלטלעכער אַרבעט־געמיינשאַפֿט.

די אומגעהויערע ענערגיע־כוואַליעס, וואָס די זון שליידערט פאַרשווענדעריש אין דעם וועלט־רויס, ווערן צונויפגעקליבן און פלאַנמעסיק קאָנצענטרירט אין דינסט פון די מענטשלעכע צילן.

די וויסנשאַפט ווערט דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער צוועקמעסיקער און פלאַנמעסיקער וועלט־באהערשונג.

* *
*

אין שווערן געראַנגל בויט דער אַרבעטער־קלאַס דעם וועג צו דער נייער קאָלעקטיוויסטישער קולטור. בערג פון כורוועס פאַרשטעלן דעם וועג. דער אַרבעטער ראַמט אָפּ די צונויפגעפאַלענע ווענט און דאָס אָנגעוואָרפענע אַלטקראַם, און פון אונטער זיי בלײַבט פריי און מעכטיק אויף דער שאַפונגס־גײַסט פון דעם אַרבעט־מענטשן.



## אינהאלט:



---

דעקלצייכענונג פונעם קינסטלער

ב. דאַנענהירש.

# M. ŠAC-ANIN.
## Krizis fun der buržuazer kultur.

ISBN: 0-657-11321-2

01-159

## פון דעמזעלביקן אווטאָר:

1. פון רוים צו צייט. (געדאַנקען צו א קולטורפילאָסאָפיע).
ריגע, 1922. 50,— לאַט.
2. הערמאַן קאָהען. ריגע, 1922. 20,— „
3. די רעוואָלוציע, אַלס פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס.
ריגע, 1923. 1,— „
4. קונסט, אַלס פאָרגעפיל פון מאַכט: ריגע, 1924. 50,— „
5. די יידן אין לעטלאַנד. (היסטאָריש־סטאַטיסטישער איבערזיכט).
ריגע, 1924. 1,— „
6. די סאָציאַלע אָפּאָזיציע אין דער געשיכטע פון יידן (רוסיש).
ריגע, 1927. 5,— „
7. געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען ביי יידן פאַר 1917.
ריגע, 1930. 1,50 „
8. קריזיס פון דער בורזשואזער קולטור. ריגע, 1932. 0,70 „

צו באַקומען אין קאָנטאָר „נייערד“, Rīgā, Elijas ielā 5/4.
אויך אין בוכהאַנדלונגען און קיאָסקען.